


## מ. נאטיש

# פאעמעס




קאאפעראטיווער פארלאג „קולטור=ליגע", ווארשע

M. Natish

## מ. נאטיש

Mulyer Hirsh

# מוליער הירש

(פּאָעמעס)



האָלצשניטן פון
יהודה ווערמוס



קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור-ליגע", וואַרשע

1 9 3 4




מ. נאטיש

פאעמעס

# מוליער הירש

קאאפעראטיווער פארלאג „קולטור-ליגע“, ווארשע

M. Natish

מ. נאַטיש

Mulyer Hirsh

# מוליער הירש

(פּאָעמעס)



האָלצשניטן פון
יהודה ווערמוס



קאָאָפּעראַטיווער פאַרלאַג „קולטור־ליגע", וואַרשע

1 9 3 4

דעם אָנדענק פֿון מײַן פֿאַרשטאָרבענער טאַטען.

M. NATISZ
Muler Hirsz
Wydawn.
„Kultur-Liga"
Warszawa—1934

Druk. „WIR" Warszawa
Nowolipie 7

# אינהאלט



## געבוירן...

געוווסט האָט רעב שאַיע דעם טאָג, ווען עס דארפן געבוירן די קי...
איז איינמאָל אַ ווינטער געוועזן אַ ווילדער, אַ בייזער:
זאוועיעס ווי ווינטיקע, שנייאיקע בייטשן, געקאַטעוועט האָבן
די כאַטעס, די שטאַלן, די שייערס,
ווי אַ סטאַיע „נישט-גוטע"...
פון כאַטע אַרויסגיין—סאַקאָנעס-נעפאָשעס, ווי ס׳זאָגן די שכיינים:
„טרינקען און עסן,
אָן דרויסן פאַרגעסן"...
פראָסטיקע נעכט טוען לעקן די שייבלעך,
ווי מעשוגענע הינט פון אַ פינסטערן לאַנד...
איז איינמאָל אַ נאַכט אָנגעקומען צו רייטן אויף בריאיקן ווינט;
די שטערן אין הימל — געפינטלט צעשראָקן-צעציטערט...
און ווינט האָט געריסן די שטערן,
און שטערן אין פאַלן צעשימערט, ווי זילבערנע עפל פון צווייגן...
געוווינט האָבן דוירעס פון שאַיעס מישפּאָכע אויף דאָרפישער ערד:
די זיידעס — אַרענדעס געהאַלטן
און פוטער, קעז, שמאַנט פון די פאַכטן געפירט אין די שטעט...
געלעבט ווי די פויערן-שכיינים,
געלעבט ווי דיביימער אין וואַלד...
יעשוווניקעס — יידן, מיט הערצער ווי אָרן-קוידעשס אין שול...
— — — — — — — — — — — — — — — —

איז שטאַל פון בהיימעס אינדרויסן געלעגן, ווי אַ פאַרפרוירענע גאַנדז.
און ס'האָט די זאַווערע געוואָרגן אַ ווייטיקדיק-בהיימישן מרוקען,
ווי דאָס שרייען פון זעגן — פאַרטעמפטע...
געוווּסט האָט רעב שאַיע:
עס דאַרף זיך די „ראַבע" היינט קעלבן מיט „פערטן"...
האָט ער אין לאַמטערנע פאַרשמאָלצן אַ ליכט
און האָט, ווי אַ שאָטן, געלאָזט זיך אין שטאַל
(פון טאָמיד געווען זיין כאַזאָקע ביי שטאַליקע געווינערינס וואַכן)...
ס'האָט אַ בהיימישער כליפּ אויסגעמרוקעט די שטומע יעסורים
פון קוישן קעלבן, געבוירט...
און ס'איז אינם מיסטיקן פרייכן געפאַלן בהיימישע פרוכט
פון צעעפנטן, קוישן לייב, ווי אַ מויל אין רעציכע צעשריען...
האָט שאַיע געבראַכט די בסורע:
„אַן עקסל, אַ מאַדים... עס ציט שוין פון אייטער"...
און טרייסלענדיק גליטשיקן שניי פונם פעלץ, אויסגעברומט צו
זיין נעכען:
— „קלייען אַביסל באַדאַרף מען זי געבן...
און וועסט שוין פאַראיינס אַכטונג געבן, זי זאָל נישט אויפנאַשן
דעם „אָרט" —
ס'וועט שטינקען דער מילך"...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

שטייט אַ באַשנייטער רעב שאַיע, ווי אַ באַפּעדערטע פערינע;
ער וואַרט, עס זאָל נעמענזיין נעכע די לאָפּעטע קלייען צו שיטן...
נאָר פלוצים פון הינטערן פאָרהאַנג שווער-רויטן —
אַ קייכנד-פאַרצאַפּלט געשריי, אַ באַפרייטס
פון אַן אָקאָרשט-געבוירענעם נעפעש...
אין שאַיען דאָס האַרץ, ווי אַ לאָדן אין שטורם, געטאָן האָט אַ זעץ;
פאַוואָליע דעם פאָרהאַנג פאַרהויבן,
פאַרבאָרגן — געציילט האַרטע רייד, ווי די רענדלעך:
— „נעכע, מיר דאַכט ס'איז צו פרי...
וואָס איז פאַרא גראַטשקע געווען אויף דיר?"..



און ס'פּיקט זיך אַן ענטפער—פאַרשמאַכט—פון פאַרגייענדן ווייטאָג,
ווי ענטל פון איי:
— „שאַיע, וואָס איז מיט דער „ראַבער"?
— „אַן עקסל, אַ מאַדים"...
„און וואָס איז ביי דיר דאָרט?"...
— „אַ מיידל"...
פאַרענדיקט רעב שאַיע פרייכנדיק-ברויגעז:
— „מאַזל-טאָוו, מאַזל-טאָוו!"...

— — — — — — — — — — — — —

ס'קערט זיך אינדרויסן די וועלט...!

1927



## „מייזלעך״

ס׳האָט שאַיע פון וואָגן געטראָגן דעם כאָמוט, די שלייעס;
אומגעלומפערט, מיט ווייבערשער טמימעס, געטראָגן האָט נעכע
די דוהע פון הויף, פון די „רעדער״,
אין שטוב אויפן אויוון צו לייגן, ווי אַ שטיוול אַ נאַסן;
זענען די האָלאָבליעס פון וואָגן, ווי הענט פון אַ קאַליקן בלינדן ביים
פויזענען, קריכן,
צעשפרייטע געלעגן אויף מיסטיקן הויפל,
און ס׳איז די קולבאַטשקע,
מיט פעטלעכן, פעלענעם גלאַנצן פון פערדישן, שווייסיקן רוקן,
אויף שטרוי אינם וואָגן געלעגן,
ווי אַ זשאַבע, מיט בייכל אַרויף, אין טרוקן-פאַרפייניקטן פרייכן...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ווי אַ רידל אין ערד, האָט זאָרג אויפגעגראָבן אין קאָפּ ביי
רעב שאַיען:
ס׳איז אים דאָס פערדל מעשוגע-געוואָרן פון „מייזלעך״;
ס׳האָט זיך דאָס בלוט הינטער פערדישן אויער פאַרקילט אין
פאַרקאָכונג

אין סטשעמענדע גוזן,
ווי מייז אונטער פעלן פאַרקראָכן...
און ס׳האָט זיך דאָס פערדל אין קנייפנדן ווייטאָג
אויף ווענט פונם שטעלכל געדראַפּעט,



מיט פיס שטייף-צעציטערט, ווי דעמבענע צווייגן;
מיט זודיקן, פאַרנדן פרייכן פון נאָזלאָך צעשפרייטן —
פאַר וואַרגנדן בריען...
נאָר ס׳איז זיך דער ווייטאָג אַלץ-ווייטער-און-ווייטער אין פער-
דישן לייב

הייס פאַרגאַנגען,
אַזש אונטער די פאָדקעוועס בלאַנקע,
אַזש ווײ-טאָן געטאָן האָט דאָס קלעפּיק-צעטראָטענע מיסט פונם
שטעלכל,
אַזש ס׳האָבן די ציינער, ווי רערן, געפּלאַצט אין פאַרביסענעם
גריזשען די קלעצער פון שולדיקער וואַנט...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

האָט שאַיע פאַרלוירן, מיט ציטער און צערטל,
דאָס ציימל געטראָגן צו פערדישן קאָפּ,
ווי אַ שלאָגנדער האַמער אין קוזשניע:
— „קאָשינקע... קאָשינקע...״
און נעכע אין פירהויז האָט טכינעדיק אויכעט געבעטן:
—„שאַיע, נישט קריך!...
עס וועט בריקענען, כאַס-ועכאָלילע...
אין זיך, ווי די קוילן אין אויוון, צעבלאָזן אַ יאָמערלעך טיינען:
— ווײ-ווײ — ס׳אַראַן אומגליק...
עס שאַנעוועט גאָט נישט אַפילו בעהיימעס,
און ס׳ווייסט אויך די שטומינקע צונג פון יעסורים,
ווײ-ווײ — ס׳אַראַן אומגליק״...
נאָר ס׳האָט זי רעב שאַיע, אין פיין און פאַרצווייפלונג,
פאַרשטיקט דאָס גערייד:
—„יידענע, הער-אויף צו ראָנדזשען!...
וואָס איז עס, אַ מענטש דען, לעהאַוודל?״...
האָט שאַיעס געבייזער אין האַרצן ביי נעכען פאַרשטיקט דאָס
גערייד,

ווי ס׳וואסער דאָס זידן פון וואַרעמעס אין אויוון;
און ס׳האָט זיך רעב שאַיע, מיט היפּ און מיט טרוי׳ריקן

טענצלען צום פערדל פאַרגאַנוועט,
ווי אַ קראָ צו דעם האָבער אין דייזשע.
דאָס ציימל מיט ערפורכט און קומער געלייגט אויף פאַרהויבענעם,
פערדישן קאָפּ,
ווי אַ שווערן „שעל-ראָש“...
און ס'האָבן זיך הענט אויסגעפינגערט
מיט גלעט אינם בלוטיקן זאָרגן—
אויף פערדישן קראַמפּנדער פעל,
ווי אַ טייכל אין אָוונט:
— „קאָשינקע... קאָשינקע“...

— — — — — — — — — — — — — — —

האָט זיך דער ווייטאָג, ווי אַ געשפּאַן באַרג-אַראָפּ,
פאַרלייכטערט אין פערדישן שאַרבן — פאַרנאַכט;
האָבן אין רויטלעכן, בלאָלעכן גליען די אויגן פון פערדל
צו אָרעמס רעב שאַיעס געקערט זיך אין פינקלען, ווי נאָענטע
שטערנס...
און ליפּן צעעפנטע, שאָרסטיקע, שווערע, אין הייסער פאַרשמאַכטונג,
געזוכט האָבן עפּעס צו נעמען,
צו קילן דאָס העלישע בריען, ווי אין שטומע טאַכנונים...
האָט שאַיע מיט פלינקייט, מעווינעס געזוכט מיט די פינגער
די לענגלעכע גוזן, ווי מייזלעך אין צאָפּל, אַהינטער די פער-
דישע אוירן
און האָט זיך מיט קייעך, געניטקייט אין זיי איינגעביסן,
ווי אין אַ ביסן אַ האַרטן
(געוווּסט האָט רעב שאַיע: פערדישע „מייזלעך“ באַדאַרפן מיט ציינער
צעבייסן, ווי קניפּלעך,
און ס'איז דאַן דאָס פערדל געניצלט...) —;
האָט זיך דאָס פערדל מיט כאַיעשן אימפּעט
אַ ריס איבער שאַיען געטאָן,
און האָט זיך אין ווילדן געדריי, מעשוגאַעס,
אין הויפל צעלאָזן...

— — — — — — — — — — — — — — —



האָט נעכע אין פירהויז דורך וואַנטיקן שפּעלטל, דורך שפּינוועבס
געוואַכט און פאַרשטאַנען:
ס'האָט דאָרט, אין שטעלכל, אַן אומגליק מיט שאַיען געטראָפן...
האָט זיך ביי איר פון האַרץ, ווי כאַיעשער ברום, אַ „גוואַלט!“
אויסגעריסן
און זי איז אין פאַרווירונג צום שטעלכל געלאָפן,
ווי אַ טכויר אין אַנטרינונג...
נאָר ס'האָט זי רעב שאַיע ביים שוועל פונם שטעלכל
מיט פינסטערן בייזער פאַרהאַלטן:
— „וווּ לויפסטו?!...
וואָס שרייסטו?!...
וואָס איז דאָ מיט דיר פאַר אַן אומגליק,
וואָס איז דאָ?!“...

— — — — — — — — — — — — — — —

האָט זיך דאָס שטאַליקע מיסט אויפן באָרד ביי אים
קלעפּיק און פעט איינגעגעסן, ביים פאַלן;
און ס'איז אויף זיין צונג אַ זאַלציקער טאַם זיך פאַרגאַנגען,
פון פערדישן בלוט, איינגעלאָפן, פאַרגליווערט, געדיכטן, ביים בייסן,
ווי דער טאַם פון פעטשאַ.

— — — — — — — — — — — — — — —

ביז ס'האָט זיך דאָס פערדל אין ווילדער בעהאָלע
(ווייל ס'האָט אים געדוכט זיך: עס רייסן אים הינט אינ'ם קאָפּ)
צום טייכל, וואָס הינטערן ברעטערנעם פּאַרקן, געוואָרפן;
איז עס אין טייכל מיט פיס איינגעזונקען אין שליימיק-צעגראָזטן
געלעגער, ווי אַ פוילנדע שיפל;
און ס'האָבן די ציינער אין פערדישן פאָרסקען
אין אייגענעם פעל זיך בייז איינגעביסן,
ביז זאַלציקן, כליופּענדן, וואַרימען בלוט,
און ביז אינגעווייד פאַרנדע, ווייכע,
פון האָבער פאַרדייטן...

— — — — — — — — — — — — — — —

האָט נעבע צום ברעטערנעם פּאַרקאַן
געטוליעט זיך אַלט און דערשראָקן,
געקוקט דורך אַ שפּעלטל אויף פערדישן פייגער צעלייגטן
און ס׳זענען בּישטיקע פּאַר שאַיען, די טרערן פון באַקן, צע-
קנייטשטע—גערונען,
ווי טראָפּנס פון האַרבסטיקן גאָס — אויף דער שויב...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

1928





## נעבע שילט דעם יאַם

די קינדער רעב שאַיעס זענען זיך צעפלויגן פון היים —
—טרוקן-ברויטיק
ווי ס׳טוען צעפליען די פייגלען,
ווען ס׳גאָלדיקן טעג זיך פון האַרבסטיקן געזוכט...
און ס׳האָבן די ליימענע טעפלעך, וואָס האָבן די קינדער רעב
שאַיעס געשפּייזט און געכאָוועט,
געקוקט פונם אויוון אַראָפּ, ווי דאַר-איינגעשרומפּענע בריסטן...
אין צוקנדער קרימונג פון ליפּן — נעבע טוט פרעגן:
— „שאַיע, ווי מיינסטו? דער יאַם מוז אַוואַדע זיין גרויס —
ווי דער הימל?..
נאָר, זאָג מיר, מען קען דען אויך פאָרן אויף אים, ווי מען
פאָרט מיט דער פור אויפן וועג?..
טוט שאַיע פאַראומערט אין קלעמענדער בענקשאַפט אַ הויב מיט
די פלייצעס:
— „מיסטאָמע, וואָס פרעגסטו?... אָט פאָרן דאָך מענטשן און
קומען בעשאָלעם״...
און ס׳האָט די דערמאָנונג נאָך קינדער גענומען אויפרייסן אין האַרץ,
ווי אַ בלאָטער אויף פינגער...
נישט געוואָלט האָבן קינדער אין אָרעמער היים דאָ פאַרבלייבן:
— „מאַמע, אָט פאָרן דאָך מענטשן קיין „בוענים-איירעס״. קיין
„ריע-זשאַניירע״.

וואָס איז דען אויף דיר פאַראַ מוירע:
אָט פאָרט דאָך אַ „וועלט“ און מען ווערט אויך דאָרט מענטשן...“
און ס'זענען די קינדערשע רייד אויף געמיטער צעקלעמטע געפאַלן.
ווי וואַרעמע טראָפּנס...
געזאָגט און פאַרוואָרפן אויף אַקסלען דעם יאָך פון די קלומקעס,
געדערט אין געאיילטער געזעגענונג:
— „טאַטע, אַ גוטן!... מאַמע, נישט וויין!...
מירן שרייבן פון וועג, מירן שיקן, אימירצישעם, געלט...“
און ס'האָט אַ פאַרסאָפּעטע באַן אויסגעריסן די קינדער פון האַרץ,
ווי מען רייסט אויס אַ רעטעך פון בייט...
נישט באַוויזן האָט נעכע דעם יינגסטן צו געבן אַביסל „וואַרעניעס“
(נישט דאַרפן זאָל מען עס!
עס מאַכט אין דער פרעמד זיך, מען קען זיך פאַרקילן, כאָלילע,
טרינקט מען מיט טיי און סע שוויצט זיך אַרויס די פאַרקילונג
פון ביינער,
ווי דער שווייס פון אַ טאָפּ אויפגעמאַכטן...)
נאָך זענען די קושן געהאָנגען אויף ליפּן,
ווי בלוטיקע שמאַטקעס פון פינגער צעקיילטע...
האָט האַרץ ביי רעב שאַיען געטון אַזאַ ווייטיקדיק צאַפּל,
ווי אַ צונג אין געקיי איינגעביסן;
מיט עלנטע הענט אויפן מאַמיש-צעצויגענעם בויך אויפגעהאָנגען,
שטום-אָפּגענאַרט און פאַרלוירן,
ווי ס'וואָלט אויפן פייער אין שמאַלציקן זידן אַ טעפּל געלאָפן,
געשטאַנען איז נעכע...
ס'בריען די טרערן, ווי זודיקער זשאַר,
און ס'רייסן זיך רייד אין פאַרשטיקונג:
— „שאַיע, וואָס האָסטו געלאָזט זיי צעלויפן?...“
און ס'בלייבן אין קווערקן שטעקן די רייד אָנגעוואָרפן אין
שאַיעס צעעפנטן מויל:
— „נו, נעם, האַלט זיי אָפּ! — נישט פאַרענדיקט רעב שאַיע
זיין בייזער...
פאַרסטשעמעט אין קלעמונג דער גאָרגל,



ווי אַ פערדישער עק אינם לויפנדן שמייסן פאַרקניפּט...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ווי מיט בלוטיקע פויסטן, געבייליט האָט פאַרגייענדע זון אין די
שייבלעך רעב שאַיעס.
ס'האָט טונקלקייט לעקן גענומען די ווענט,
ווי אַ קאַץ איר פאַרברודיקטע פעל מיט דער צונג...
אין בענקענדער קלעמונג האָט נעכע פאַרלוירן די ווערטער:
— „שאַיע, ווי רופט זיך די שטאָט, ווו זיי זענען געפאָרן?“...
אין טאַטישן קלערן שאַיעס אַן ענטפער:
—„כ'ווייס נישט!... נישט דורע קיין מויעך, ס'הייסט „בוניס-אייריעס“,
וואָס איז דען דער כילעק?!...“
און ווידער אַ פראַגע פון נעכען זיך רייסט, ווי אַ געפּענטעטע הון:
—„שאַיע, ווי פאָרט מען אַריבער דעם יאַם, עס איז דאָך אַ וואַסער?..“
זענען רייד, ווי שטיינער אין וואַסער, געפאַלן אין טאַטיש
צעבענקטער פאַרטראַכטונג...
און ס'האָט—אויף צו שטאַרקן זיך—שאַיע פאַרענדיקט מיט בייזער:
— „זע, לאָז מיך לעבן!... אַ דייגע, ווי פאָרט מען אַריבער!...
וואָס איז דען דער כילעק?!...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אין ערשטער פאַריינזאַמטער נאַכט האָט אַ פלאָנטנדער שלאָף,
ווי דער זויער אין טויג, זיך צעיוירט אין צעפּייניקטע מויכעס...
אַ כראָפּ האָט געגריזשעט די שוואַרצע פאַרלאָזטקייט,
ווי אַ פערדל דעם האָבער...
דער סערפּיש-לעוואָנישער זילבער האָט ציטריק דורך לאָדנס
צעטריפט זיך
אויף נעכעס צוקאָפּנס...
ס'האָבן מערכאָקים געשפּונען די פעדעם פון קינדערשן בענקען,
און ס'האָבן די פעדעם געפלאָכטן אַ נעץ,
אויף צו פאַנגען אַ שלאָף פון אַ מאַמען פאַרלאָזטער...
ס'שפּאַלטן זיך אויגן פאַרקלעפּטע, ווי לאַבנס אין פרישן געבעק...
פון כעשכע און כראָפּען איז יאַם שוין געוואָרן,

און זילבערנע טראָפּנס פון סערפּיש-לעוואָנישער שמעלצונג —
די קינדער,

פאַרטריבן פון הונגער צו ערגעץ זאַט-ברויטיקן לאַנד...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

נעכע אין העמד, ווי אַ בערגל פאַררויכערטע שניי, ערעוו-פרי-
לינג ביי פלויטן,

ס'האָט זיך די כעשכע צעוויקלט,
און ווענט האָבן אויך זיך צענומען, צערוקט און אין שוואַרצ-
קייט פאַרשוואונדן...

רינט נעכע אַראָפּ פון געלעגער;
און ס'טוט די דערמאָנונג נאָך קינדער, ווי שטראָמען אַ שפּענדל,
זי טראָגן צום יאַם,

וואָס האָט אירע קינדער פאַרשלונגען,
ווי מען שלינגט איין אַ ביסן אין בויך...
טוט יאַם אַזוי כוואַליעדיק-שוימיק און ריזיק זיך פּוישן,
זעט נעכע אין שוימיקער ווייטקייט איר ראַשקען אין איילנדן טרעטן,
מיט מאַנטל צעשפּיליעט, ווי ס'וואָלט זי געפּייניקט די היץ...
און ס'רייסט זיך פון האַרצן אַרויס, ווי דער אייטער פון מאַקע-
נעפלאַצטער,

אַ קלאָלע צום יאַם:
— „אויסטרוקענען זאָלסטו, דו גאַזלען!...
זאָל בלייבן פון דיר נאָר אַ וויסטע, אַ פינסטערע טרוקעניש,
טאַטעלעך-האָרצעלעך!...
ווען נישט דו, וואָלט דאָך נישט געווען, ווו צו לויפן, צו פאָרן,
און ס'וואָלטן אין שטוב דאָך געזעסן די קינדער!..."

— — — — — — — — — — — — — — — — —

האָט זיך אין דרעמל געריסן פון האַרצן אַ בריענדיק:
— „אוי!"
נעכעס געשריי אינם שלאָף און רעב שאַיעס,
ווי אַ שטיין אין אַ שויב...
צעכושט אין פאַרשלאָפונג געטאַפּט מיט דעם אויג האָט שאַיע
די נאַכט,



ווי אייזערנע קליאַמקעס פון פינסטערע טירן מען טאַפּט מיט
די פינגער...
און נעכע אין מידקייט פון פיינלעכן כאָלעם דערפילט האָט די
וואַכקייט

רעב שאַיעס...
און ס'קייקלען זיך רייד אירע פייכטע, דערשראָקן:
— „שאַיע, דער יאַם, איינגעזונקען זאָל ווערן, ווי מיינסטו?..
נאָר ס'טוט זי רעב שאַיע אין מאַנסבילשן, מאַנישן בייזער פאַרהאַלטן:
— „יידענע, שלאָף און נישט דורע קיין מויעך"!...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

מעטושטעשע שיין פון נאָך טויטן באַגינען זיך ס'קראַפּסקעט
אין שייבלעך...
און ס'פלעכטן די קרעכצן — צעצויגן פון אַלטקייט און עלנט —
די נעצן פון פייניקער, שווערער פאַרבענקטקייט
שאַיעס
און נעכעס...

1928



## שפּיגנער אין הימל...

ס'האָט נעכע ביים מולטער געציילט, ווי מאַטבייעס, די מיידל־
שע העמדער צום וואַשן;

און ס'איז אין איר בּרוסט, ווי אין דייזשע דער טויג, —
אויפגעגאַנגען די פרייד פון דער סוידעסדיק־מיידלשער רייפקייט,
ווי די רייפקייט פון טווּע אין פעלד...
אַז ס'האָט ביין־האַשמאָשעס שאַיע אין שטוּב אומגעפּאַדעט
אין זאַט־פולע טרוימען
און ס'איז אויף צעבויגענער וואַנט,אָנגעשוואָלן,זיין שאָטן געקראָכן,—
האָט נעכע אין מויל געקייקלט די רייד, ווי בולבענע קניידלעך,
באַטאַמטע:

— שאַיע, די מיידלעך פאַרגייען מיט...
נאָר ס'האָט זי רעב שאַיע צעשלאָגן די ווערטער
מיט קלוימערשטער רוגזע פון מאַנסבילשן וויסן און זען שוין
מיירויש פאַרבאָרגענע, ווייבערשע זאַכן:
— וואָס איז דען אויף דיר פאַראַ כידעש ?...
און ס'זענען אין האַלדז ביי אים
שטעקן געבליבן די ווייטערע רייד נישט־דערזאָגטע, ווי לעפל
אין קאַשע...



II

ס'איז, ווי דער וואָל אויף די שעפסן,
אין מויעך רעב שאַיעס געוואַקסן אַ פאַרגדע זאָרג צו פאַרקנאַסן
די טעכטער,
וואָס זענען אין שטוּב אומגעגאַנגען אויף טרוקענעם בּרויט,
ווי טעליצעס שלאַנקע אין זוּכן, אום ווינטער, אויף הויפן..
און ס'האָט, ווי אַן איי אין דער הון,
זיך געקליבן, פּאַוואָליע, די באָבישע פרייד — אויף דער עלטער—
אין האַרצן בּאַ נעכען...

III

ס'האָט די מאַגייפע, וואָס איז, ווי אַ וואָלף אין פאַרצוקן,
געלאָפן פון טיר־צו־אַ טיר —
די מיידלעך רעב שאַיעס פאַרלענדט אין איין איינציקער שאָ...
זיינען רעב שאַיע און נעכע,
ווי קוימענס פון כורוועס — נאָך סרייפע — פאַרבליבן,
מיט הערצער פון אומגליק צעבראָכן, ווי שאַרבנס...
זיינען די שיך מיידלש־הויכע,
געפוצטע,
געשנורטע
ביים בעטל געשטאַנען, ווי הינטלעך געטרייע,
און ס'זיינען די קליידלעך צופוסן געלעגן פאַרלאָזטע,
ווי פעלכלעך געשונדן...
האָט נעכען דאָס אומגליק פאַרהאַקט דאָס געוויין אין דער בּרוסט,
ווי אַ שלאָס אין קאָמאָד, איינגעזשאַווערט, —
האָט זי מיט ערפורכט געפראַוועט די קישנס ביי טעכטער צוקאָפּנס,
און ס'האָט אין איר נאָז פון געדראַנג אויסצופלאַצן מיט קוילעס,
גוואַלדן —
געביטערט, געקלעמט,
ווי רויך פונס נאַסן, צעזשאַרעטן האָלץ...

— — — — — — — — — — — — — — —

## IV

...איז נעכע פון קיך צום בעטל געגאַנגען,
און אַזוי-אָ קעסיידער, ווי אַ הון אין צעטומלונג, פאַרבלאָנדזשונג...
ביז ס'האָט זיך די פיין אין איר האַרץ אויפגעקליבן,
ווי די כמאַרע צום דונער,
און ס'האָט די מאַכשאָווע,
אַז איצטער איז אַלץ שוין פאַרלוירן אויף אייביק,
און ס'קאָנען די מיידלעך נישט רירן פון אָרט זיך,
ווי טישן, ווי שוועלן, ווי בענק —
ווי אַ מעסער ס'ברויט -- אויפגעשניטן איר האַרץ...
איז פונם שאַרבן דער מאַרך זיך צערונען
אין זאַלציקע, בריאיקע שטראָמלעך
און ס'האָבן אין האַלדז אויפגעבונדן זיך קוילעס —
אַזש ס'האָבן אין קיך אויפן אויוון די קופערנע פאַנען
מיט רויטלעכן אָפגלאַנץ געגלאָצט, ווי אין איימע;
אַזש ס'האָבן די טעלער, אין גראַטקע צעשטעלטע,
ווי נאַקעטע, קינדערשע געזעסלעך, — צערוקט זיך מיט קלימפער;
אַזש ס'האָבן די שייבלעך אין גליען פון שקיע געציטערט,
ווי פאַרביקע שופן פון פיש — אין די נעצן פאַרקראָכן...
נאָר ס'האָט זיך רעב שאַיע, ווי עליע-האַנאָווע פון טיש אויפגעהויבן,
און ס'האָבן די רייד זיינע — מאַנסבילשע, שווערע —
געסקריפעט, פאַרטרערט, ביי אים, אינם האַלדז:
— נעכע, וואָס שרייסטו ?!...
ס'וועט דאָך „טייטשל" באַלד קומען אין ראַעש,
און ס'וועלן די קינדער אַפילו צו קוורע נישט קומען...
וואָס בינסטו דען, איינע?—אַז ס'קאָסעט אין גאַס (זאָל „ער" היטן!..),
ווי גראָז אויף דער לאָנקע...
האָט שאַיעס גערייד אָפגעשטיקט דאָס געשריי אין האַרצן ביי נעכען...

זיינען די טעכטער, מיט ליילעך צעקרומטן פאַרדעקטע,
פאַרקילטע אין בעטל געלעגן



און ס'האָט זיך דער טאַטישער ווייטאָג פון אויגן רעב שאַיעס געשפאַרט,
ווי ס'פייער דורך פענסטער אין סרייפע...

## V

ס'האָט זיך די כעשכע פון אָוונט געפרייעט אין וואַרימען נעפל;
זיינען די טאָלן אַרום דעם בייס-אַלמען פול-וואַסער געלעגן נאָך רעגן, ווי שיסלען...
ס'האָבן די בערגלעך אַרום געסטאַרטשעט פאַרן אויג,
ווי קעמלען צעהויקערט...
די כמאַרעס, — ווי שמאַטעס, צעלייגט אויפן הימל;
צעשאָטן אין זשמעניעס צעצאַפלטע, פינטלענדע שטערן,
ווי זילבער-מאַטבייעס אין בלאָטע פון מאַרק אויסגעשאָטן...
שטייען די שטיבלעך — צעלאָמטע, צעקרומטע —
מיט דראַניצע-דעכלעך — צעמאָכיקט-צעקנייטשטע,
ווי פערדישע פעלן, אין מיסט פאַרקאַראַוועט,
און ס'וואַרגן אין זיי זיך געשרייען, געוויינען
פון מאַמעס,
פון קינדער
אויף טויט פון די נאָנטסטע,
וואָס ס'האָט זיי דער טיפוס פאַרשלעפערט לעצווילעם —
אין שטאַרער אַקשאָנעס,
מיט פענימער דאַר-איינגעשרומפן, ווי ליידיקע פלאַשן...

## VI

ס'האָט זיך די כעשכע פון אָוונט געפרייעט אין וואַרימען נעפל,
און ס'האָבן אין נעפל געשלייכט זיך
רעב שאַיע, רעב כלוינע,
ווי, לעהאַוודל, די הינט אַרום בוינע,
אויף וועגל די טעכטער געפירט האָבן ביידע,

ווי געגאַנוועטן האָלץ אין דאַכקעס, אין פרעסט,
פון נאָענטן, העפקערן וואַלד...
האָט זיך דאָס האַרץ אין ברוסט ביי רעב שאַיען
געצוויגט, ווי אַ גלאָק,
מיט פאַרטויבנדן קלאַנג פון קעראַכיים-אָוויקן
ווייטאָג — אָן טרערן...
האָט זיך אין ציען רעב כלוינע פאַרהאַלטן —
אין אַנגסטלעך געניטן אומבליקן:
— צי-אויף, צי-אויף, רעב שאַיע...
מיר דאַכט: „קרוצע פיקס",
ווי הייסט עס, דאָס טייטשל,
דרייט זיך דאָ ערגעץ אַרומעט...
גליווערט אין מויעך רעב שאַיעס די וואָרענונג כלוינעס,
ווי וואַסער אויף פראָסט — אויסגעגאָסן...
נאָר ס'איז דאָך (מיט מאַזל!...) דאָס נאָנטע בייסוילעם
מיט טויבער, געדיכטער, פאָרכטיק-ביינאַכטיקער איימע
אַרונטער די רעדער געלעגן...
און ס'האָבן:
רעב שאַיע,
רעב כלוינע
די מיידלעך אין דר'ערד בעכיפאָזן באַהאַלטן,
ווי הינט זייער שפּייז אויף לעהאַבע...

VII

ס'האָט נעכע אין שוואַרצער פאַטשיילע געוויקלט זיך לאַנג,
ווי צוגיין ערגעצווו אין אַ גאַנג.
האָט שאַיע געפרעגט אָנגעבויגן:
— ווּהין גייסטו עס אין דער פאַטשיילע?
נאָר ס'האָט אינם מויעך צעפלאַמטן בא נעכען
פאַרברענט זיך די שיילע רעב שאַיעס
און גיך, אין פאַרווירונג, איז זי דורך דער טיר דורכגעלאָ



ווי וואַסער אינדרויסן געפליוכעט...
איז שאַיע נישטוימעם-ווענייווהאָל צום טיר צוגעלאָפן,
געהאָרכט אין פאַרטאַיונג דעם דרויסן,
ווי דער וואָלף — ס'אָטעמען פון שאָף אין דער שטאַל...
ביז ס'האָט זיך אַ דינע יעלאָלע אין הויפל צעטראָגן;
האָט די יעלאָלע, ווי זוד אָפגעבריט דאָס האַרץ—אָפגעשטעלטס—
אין רעב שאַיען...
און ר'איז דורך דער טיר דורכגעלאָפן מיט אימפעט, מיט בייזער:
— וואָס טוסטו?!...
וו בינסטו?!...

VIII

איז נעכע באַם פלויטל געשטאַנען;
ס'זיינען די האָר אירע — רויטע, צעשויבערט —
פון הינטער פאַטשיילע געקראָכן, אזוי ווי אַ פלאַם,
און ס'זיינען פון אירע צעוואָרפענע הענט
די שטיינער אין כוישעך געפלויגן
צום הימל,
צו גאָט..

1929



# טעכטער

שוואַרצע זומער-נאַכט...
אַ מידקייט אין דער לופט הענגט, ווי אַ פוילע פעל;
קופּאָלן-אַרטיק, שוואַרץ דער הימל — ווי פאַרטראַכט,
און ס׳קוקן שטערן שעלמיש-פינטלענדיק און העל.

טיר און טויערל פאַרהאַקט, פאַרלאָדנט פענסטער...
רעב שאַיעס קאָפּ פון שטאַל-שייבל מיט קלוגן, ציטערדיקן אויג
קוקט שפּירעוודיק;

טעכטער דריי אין שטוב, ווי די געשפּענסטער,
בלאָנקען-אום צעשראָקן-שעמעוודיק...

טעכטער דריי האָט שאַיע באַלעגאָלע,
טעכטער דריי, ווי „הייליקייטן" צווישן טאַטנס ווענט;
איינע שוין איז נויקע לייזער-באָרדס אַ קאַלע —
און יענע צוויי האַלט שאַיע טאַטיש אין די הענט:

— „נישטאָ ביי מיר זיך שלייענען איבער די גאַסן...
אַ מיידל — זיץ אין שטוב און העלף-אונטער דער מאַמען;
עט זיין די צייט, עט אויכעט זיין אַ כאָסן,
נישקאָשע, שאַיע באַלעגאָלע האָט אַ נאָמען — — —"

אַזוי רעדט שאַיע צו די טעכטער פרייטיק-אויף-דער-נאַכט, ביים עסן.
אַ טעלער פאַרענדיקן צימעס טראָגט די עלטסטע אונטער
און זעצט זיך אויף איר אָרט, וווּ ז׳איז געזעסן;
פון טאַטנס רייד — די פּענימער, ווי צונטער...



— „ס׳איז היינט אַ צייט, אַ שאַנד, אַ ווייטאָג גאָר צו זאָגן...
סאָלדאַטסקע בלוט" — אויף נייע רייד שאַיע פאַרנעמט זיך:
— „מ׳זאָל נישט שטראָפן מיט די רייד" — און ס׳נעמט אַ דרעמל
פלוצים זיסלעך נאָגן —
נ׳שטאָט אין מויל, לייגט שאַיע לעפל צימעס אויפן טישטוך...

לאַכן אַלע: ווייב, די טעכטער: באַשע, ראַשע, דוואירע...
די עלטסטע נעמט פון דרעמלענדיקן טאַטן הילצערן לעפל,
און פונם טאַטנס רייד דערפילט מען איצט אַ מוירע —
„אַ שלעכטע צייט"...—די עלטסטע שאַרט דעם צימעס אין אַ טעפל...

פון ווענט און פאַרקענער געוואָרנט האָבן אויסיַעס לאַטיינישע,
אויף פּראָסט פּאַפּיר, צעוויקלטע, ווי אַ געשריי:
„ווער ס׳וואַגט באַהאַלטן באָלשעוויקעס און געווער, ט׳מען מיימיסן;
פאַר הונגעריקע פערד וועט׳ן אין אָוונט קאָנפיסקירן היי"...

רוקן יידן אין די הייזער זיך, ווי קראָען שוואַרצע אין אַ קוימען-נעסט...
„אַזוי-אַזוי, שוין אויסגעקלעפּט די „אָבאָוולעניעס",
ס׳קומען-אָן די „פּוילישע", די „ווייסע" — פיינע געסט;
פאַן שידלאָווסקי האָט, פאַר אַלעמען, געלייענט פון פאַרקאַנעס"...

רעב שאַיעס הויז — ביים טייך, הינטערן שטאָט,
רעב שאַיעס שטאַל-בוידעם איז פול מיט פרישן היי...
טוט שאַיעכע אַ פּאַטש מיטביידע הענט: „אוי, גאָט!
ווער ווייסט, וואָס פאַר אַ צאָרעס קומען ווידער, וויי?!"

„סאַכאַקל נעכטן—יענע נאָך געווען, ווי רופט מען זיי—די „גדוילים"...
אין שטאָט אַ כורבן — נישט קיין ברויט, קיין ביסל מעל!
פיינע „גדוילים" — זיך צעלייגט אויפן בייסוילעם;
אוילעם שמועסט: פון הייליקן אָרט געמאַכט אַ טעל...

אַזוי האָט זי גערעדט, רעב שאַיעס ווייב, די קלוגע נעכע,
דיִ שרעק, די מאַמעשע, האָט אין איר בלוט געקילט, ווי שטיק-
לעך אייז,

טעכטער דריי — פאַר טאַטע-מאַמען אַ פּאַציעכע...
„און וויפל זענען שוין, נישט-דאָ-געדאַכט, „געפאַלן" איינציקוויי?!"...

„זיך צערעדט" — ברומט שאַיע אויף זיין נעכען
און ר'פילט אַליין: עס נעמט דאָס האַרץ אַרום אַ מוירע, ווי ד
רימען אויף די לענדן...
„אויסן שטאָט — מ'קאָן אַפילו טיר און טויערל אויסברעכן;
זיי דאַרפן דען אַפּאָנים היי?.. אַנאויסרייד—טעכטער יידישע צו שענדן.

— „שאַיע, זע, מ'דאַרף די קינדער זען באַהאַלטן"...
און ס'בריט נעכעס געבעט רעב שאַיעס האַרץ, ווי אַ פאַרפרוירן קלאַמקע;
טוט-קוק, הושש... דער קאָפּ אָט-אָט טוט ער זיך שפּאַלטן —
דאָס פערדל זאָרגלאָז מיטן גראָז אַליין: טשאַמקע... טשאַמקע...

אַ שטומע נאַכט פון פיין און שרעק דערוואַרטנדיקער.
ס'זשמורען שטערן זיך, ווי אויגן פון אַ לוגער;
קוילעס—אָפּגעהאַקט.פאַרצווייפלט—ס'רייסט דאָס האַרץ אויפשטיקער,
פון שטאָט אַ זעלנעריש געטופעריי: „כאָלערא, הינטיש-בלוט" —
בייזע זיגער.

דאָס פערדל פילט אָנוועזנהייט פון באַלעבאָס,
און ס'טרייסלט פערדישע צופרידנקייט צעריבן פעל...
ס'האָט שאַיע גראָד געטאָן אַ שטאַרקן נאָס —
די שרעק די טאַטישע האָט אויפגעפלאַמט אין מויעך העל...

אַ שפּרונג אויף לייטער, ווי אַן אַרויסגעלאָזטע פייל...
ס'האָט די געפאַר פאַרעלטערטע גוורע, פלינקייט אויפגעגליט;
דער בוידעם פול מיט היי — אָט דאָ, צווישן זייל,
פאַר טעכטער דריי—באַהעלטעניש דאָ, אינדערמיט...

אינדרויסן וואַרט אַ שוואַרץ-איינהילנדיקע וואַרימקייט.
רעב שאַיע האָרכט: די שרעקנדיקע שטילקייט שטיקט אין ברוסט
דער ברייטער.

„אויפמאַכן, העי!"... געפאַר — נישט-ווייט,
און כ'ופּט רעב שאַיע: „קינדער אויפן לייטער!"...



טעכטער דריי צעשראָקן-גליענדיק פון בושעדיקן קלער,
צונויפגעקנוילט, ווי שטומע שאָף פאַר אַ געוויטער;
און איינע ביי דער אַנדערער דערזעט אין אויג אַ טרער,
און איינע ביי דער אַנדערער דערהערט אינם צעפּויקטן האַרץ
אַ ציטער...

שיטן טריט זיך זעלנערישע, האַרטע אויפן גאַס
און ווערטער מיעסע זיך מישן מיט פאַרגרעבט געלעכטער.
—„וואָס וואַרטסטו, וואָס?... און ס'גליווערט נעכעס פּאָנים—בלאַס;
נאָך שאַיעס טראָט זיך שאַרן, איילנדיק, די טעכטער...

— „ווו פירסטו זיי, ווו ווסטו זיי באַהאַלטן?"... —
נישט טרויט איר שאַיען נעכע טעכטער דריי;
— „צווישן היי... אין שטאַל, דאָרט אין די שפּאַלטן"...
און ס'פּלאַצט שוין נעכע אויס אין אַ געשריי:

„אַלטער נאַר, וואָס ביסטו כאָסער-דייע?!
ציט-אויפעט, קינדער: באַשקע, ראַשקע, דווירע!...
פאַרגעסן, אַז פאַר הונגעריקע פערד זיי גייען זוכן היי?!"
פאַרגאַפט בלייבט שאַיע: — גאָר פאַרגעסן אין דער מוירע...

וואַקסט די געפאַר, ווי ברודיקער געשווילעכץ אין אַ ווונד.
„אויפמאַכן, העי!"... און ס'שרייט די טיר, ווי אַ געשמיסענער...
טעכטער דריי זיך קלאַמערן אין פּאַניק-בונד —
קוילעס זעלנערישע רייסן ווענט — פאַרביסענער...

ווי אַ טכויר, לויפט רעב שאַיע פּלוצים
צום בייסהאַקיסע, דאָרט אין עק פון הויף:
— „אַהער-אַהער וועט איר אַריינגיין זיצן"...
און טעכטער דריי נאָך שאַיען אין געלויף...

— „און נעכע, דו — אין שטוב נעם גיי-אַריין...
עפן-אויף און לאָז אַריין, נישט שרעק זיך;
כ'טו אַ קער נאָר דאָ דאָס ביסל אומריין,
וועל אויכעט איך זיך מאַכן דרעמלענדיק אין קיך"...

טעכטער דריי אין בייסהאַקיסע אויפגעקנוילט;
ס'שעמט זיך יעדערע פאַר זיך, פאַר דער מינוט...
און אַ געפיל פון גלוסטנדיקן ברי אין ביינער הוילט —
שרעק מיט נייגיריקייט פלאַמיק רוישט אין מיידלש בלוט...

אויפגעמאַכט די טיר...
נעכע, אָן אַ זייט הכנאָעדיק און בלאַס.
„הורן-זון, העי!... כלאָפּצי, טוט אַ ריר!"...
און ס'בילט מיט אומווירדיקע רייד זעלנעריש קאַס:

„באָלשעוויקעס און געווער ביי זיך באַהאַלטסטו!...
בעסער גיב אַרויס, פון דאָרטן — פון קאָמאָד!"...
ענטפערט נעכע: — „כ'וועל אָט אויפוועקן מיין אַלטן,
נאָר, ליבינקע, אַליין נישט גייט — די מיידלעכס וועש אַ שאָד"...

וואָרטשעט שאַיע: „פּעדד, בעהיימע, גלאָמפּ...
ווער בעט דיך, ווער, דערמאָנען די בעסולעס?!"...
אַליין ער גייט און טראָגט אין האַנט אַ לאָמפּ...
— „גוטנ'אָוונט אייך"... צו נעכען: — „גיי פאַרשפּאַר די אַנדער דעלעס"...

„פאַרלאַנגט איר וואָס, איר הערן, זעלנער ליבע?...
איך, מיין אַלטע און מער קיינער — כ'בין אַ באַלעגאָלע...
און אויב אַ ביסל היי פון אייער קומען איז די סיבע...
וועל איך אַריינטראָגן אַ פולע פאָלע"...

שפּרינגען זעלנערישע רייד, ווי האָגל אויף אַ דאַך:
„געווער באַהאַלטסטו, אַלטער!... באָלשעוויקעס!"...
„און די פּאַניענקעס", ברומט איינער אין ווילדן לאַך,
„האַלסט באַהאַלטן, אַלטער, ווי די אַלע זשידקעס!"...

...טעכטער דריי אין בייסהאַקיסע אויפגעקנוילט...
און ס'צאַפּלט די געפאַר אין שאַיעס קאָפּ, ווי אַ צעהאַקטע שלאַנג.
— „נישטאָ קיין טעכטער... איינע אין דער ערד זי פוילט"...
לייקנט שאַיע און דאָס האַרץ — ווי מיט אַ צוואַנג...



נעכעס קאָל אַ ווייבעריש און נאָגנדיק:
„אַ יונגער בוים... פאַרפוילט אַזוי אין דר'ערד"...
— „שטילער, הורן-זון!... כלאָפּצי, זוכט!... זשידאָווסקע שטיק!...
אין הויף אַרויס; אין שטאַל אויך ביי דעם פערד!"...

„גאָט-ווייסט, וואָס עס טוען טאַטע-מאַמע, וואָס?"...
באַשקע זאָגט: — „אַ האָרך-טאָן, נאָר איך גיי אַרויס"...
פלוצים: טריט. ביקסן-געקלאַנג. אַ זעלנערישער נאָס;
אויף לייבער מיידלשע זיך שפּרייט אַ קאַלטער שווייס...

צוויי אין שטאַל און צוויי איבערן הויף.
געזוכט אַהין, געזוכט אַהער — מיטן באַגנעט...
און נישט געפונען — טראַכט רעב שאַיע: „ס'נעמט אַ „סאָף!"...
און פלוצים איינער: „כלאָפּצי, אין קלאָזעט!"...

ווי אַ הון, צעשויבערט אין געפאַר, לויפט נעכע צום קלאָזעט
און שפּרייט פאַרדאַרטע מאַמע-הענט, ווי אַ צעפוילטער ציילעם:
„מענטשן, ראַ—טע—ווע—ט!... ג'וואַלט, אָי, זעט!...
כאָרכלענדיקע קוילעס זענען מאַרעש-אוילעם.

— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

שוואַרצע זומער-נאַכט...
אַ מידקייט אין דער לופט הענגט ווי אַ פוילע פעל;
קופּאָלן-אַרטיק, שוואַרץ דער הימל — ווי פאַרטראַכט
און ס'קוקן שטערן שעלמיש-פינטלענדיק און העל...

1928

## ווי-אַזוי האָט טאַטע כאַסענע געמאַכט די טעכטער

— „אַ מאַן געגעבן דיר! — בינסטו שוין, ווי אַן אָפּגעשניטן שטיקל
ברויט פון לאַבן" —
אַזוי פלעגט צו די טעכטער זיינע
זאָגן טאַטע, אויף מאָרגן נאָך אַ שוועסטער-כאַסענע...
...און אין די שפּין-געוועבן פון די ווענט און סטעליע-שפּאַלטן
צאַפּלען נאָך ניגונים פון:
„באַדעקעניש", „קאָשער-טענץ", „ברויגעז-טענץ",
און „האָפּקעס" — ווי פליגן אינם פליגישן גוואַלד...
גייט די מאַמע אום אַ ברויגעז-נישט-קיין-אויסגעשלאָפענע צווישן
טישן, שטולן, בענק —
צערוקט-צעוואָרפענע, ווי רייזנדע — פאַרמאַטערטע — אויף דילן
פון וואָקזאַלן...
און רייד פאַלן פון מויל אירן אַרויס, ווי פאַלשער מינץ אויף ברעטער:
„ווי אַראָפּגעפאַלן פון אַ בוידעם"...
(דערביי טוט זי אויך געניצן און ס'שפּרינגט אַ גאָרנישט-מאָנענ-
דיקע טרער אַרויס פון אירע אויג-ווינקלען);
...אַבי נאָר-ווו זיך צוגעשפּאַרט, און ס'איז די כאַטע פול מיט
שנאָרכערייען
פון צופרידן-מידע טאַטע-מאַמע,
וואָס האָבן טעכטער „אויסגעגעבן", ווי געלט אויף קאָרן און קאַרטאָפל...
— — — — — — — — — — — — — —



דרעמלט אויף די שייבלעך גראָ-שטייפער באַגינען.
און כאָסן-קאַלעס (איצט שוין מאַן און ווייב!) איינגעהאַלטן רעדן-לאַכן
זוקט זיך ערגעץ אין דער שאַלווע פון פרימאָרגן...
— — — — — — — — — — — — — —
אויף מאָרגן ציילט דער טאַטע (מיט אַ מינע פון אַ שטרענגען סויכער)
גלאַנציק-פרישע און שטייפע „הונדערטער" פאַרפראַצעוועטע...
שטייט דער נייער איידעם ביי אַ ברעג פון בייכיק-געל-צעעפנטן
קאָמאָד-שופלאָד
און דרייט צווישן אומגעדולדיק-ציטערדיקע פינגער אַן אָפּגעריסן
קאַלענדאַר-צעטל...

און טאַטע:
— „נעם, און זאָלסט נאָר וויסן, וואָס דו האָסט דערמיט צו טאָן...
דערפאַר — אַ ווייבל אויסגעהאָדעוועט פאַר דיר, יונגאַטש!"...
אַ פּאַטש אין פּלייצע. לאַכן ביידע (שווער און פרישער איידעם)
איינגעהאַלטן-קורץ...

באַהאַלט דער נייער איידעם ס'געלט —
און מען צעגייט זיך שווייגנדיקע, גלייך מען וואָלט וואָס-ניכער
פונאַנאַנדער וועלן לויז-ווערן...
— — — — — — — — — — — — — —

שפּעטער (זייגער איינס ביי טאָג)
ווען אינדרויסן טרוקנט זיך אויף שטראַלן-שטריק אַ טאָג אַ זוניקער,
לויפן פורלעך פונם טאַטנס הויף-טויער אַרויס ווי כאַיעלעך
דערשראָקענע
אַהין צום טראַקט, וואָס פירט אין שטעטלעך קלענער-גרעסערע,
פונוואַנען מעכוטאָנים זענען אָנגעקומען;
פאָרויס — דאָס יונגע פּאָרל אינם שטויב-וואָלקן פון מירמלדיקן
וועג-זאַמד, ווי פאַרשלונגען...
— — — — — — — — — — — — — —
אַזוי האָט טאַטע זיבן שטיקער פון מישפּאָכע-לאַבן זיינעם אָפּגע-
שניטן, ווי זיבן שטיקער ברויט;
אַזוי האָט טאַטע איינגעפלאַנצט אין שטעטלעך זיבן טעכטער —
זיבן דוירעס...

1927

## אָרימע ברידער

מ׳האָט די ברידער אָנגעקלאַפּט אין שויב:
— „באַלד דאַרף כופּע זיין ביי אייער שוועסטער"...
האָבן ברידער אָפּגעשאָקלט זיך פון שטויב
און געשפּאַנט צו כופּע פון דער שוועסטער...

מ׳האָט די ברידער אָנגעזאָגט:
— „טוט-איבער זיך צו כופּע פון דער שוועסטער"...
האָבן ברידער, שווייגנדיק, געפּאָלגט
און נייע העמדער אָנגעטון צו כופּע פון דער שוועסטער...

מ׳האָט די ברידער צוגעפירט:
— „צעקושט זיך מיט דער שוועסטער"...
האָבן ברידער זיך צעקושט גערירט;
„ברידער מיינע" — האָט געוויינט די שוועסטער...

מ׳האָט די ברידער אָנגעוויזן:
— „זעט, דעם מאַן פון אייער שוועסטער"...
האָבן זיך גענויגט די ברידער דריי, די ריזן:
— „פריד צו דיר, מאַן פון אונזער שוועסטער"...

מ׳האָט די ברידער אויסגעזעצטביים טיש:
— „עסט, ס׳איז אייער סימכע"...



האָבן ברידער אויסגענאָגט די קעפּ פון פיש,
געפילט דעם טאַם פון זייער סימכע...

מ׳האָט די ברידער צוגערופן:
— „טאַנצט אויף כאַסענע פון אייער שוועסטער"...
האָבן ברידער זיך צעוויכערט מיט די גופים
און געטאַנצט אַ טאַנץ פאַר זייער שוועסטער...

מ׳האָט די ברידער איינגערוימט:
— „גרייט אויף מאָרגן אָן דעם נאַדן פאַר דער שוועסטער"...
האָבן ברידער זיך פאַרשעמט:
— „מיר האָבן נישט קיין ברויט פאַר זיך, נישט קיין נאַדן פאַר דער שוועסטער"...

1928



# מוליער הירש

## גראָער שאָבעס

גראָער שאָבעס. פרום-פאַרצאָגטער עלעל — שנאַס טאַראַך.*)
אין שטוב אין גאַס
שפּאַנט, ווי אַ בעטלער, אום פאַרשטעלט —
מידע, טרויעריקע וואָך...
אין טריבן הימל שמאַכט די זון;
גרילן אין די געָרטנער שטעפּן אויסריכטונג
פאַר שטאַרבנדיקן זומער,
און פאַראומערט
האָרכן רויזן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ...
געלער קומער — אויף די פעלדער;
פויגל-זיפצן — אויף די צווייגן —
פאַרַיעשט גלאָצן בלאַט און בוים
אין אויסגעצערטן רוים...
גראָער שאָבעס. פרום-פאַרצאָגטער עלעל —
ס'שפרינגען זקיינים, ווי די קראָען, אין ביסמעדריש:
— קדוש, קדוש, קדוש...
פון זייער אויג — אַ ברונעם טיף —
שלאָגט פאַכעד פינצטערער פון נאָענטן יום-הדין...
קאַלע-מיידלעך. געשפּאַציר. אַהער — אַהין
אויף שמאָלע טראָטואַרן;
פענימער — געבלייכט, ליפּן אָפּגעלאָזט אין גאַרן...

---

*) יאָר 1930.



פאַרלאַנגען אינם׳ האַרץ פאַרקראָכן,
ווי אין שפּינוועבס — שפּינען,
געשפּאַציר — אָן טאַכלעס און אָן זינען...
ס'שרייען זיי'רע טריט מיט ניִשט-דערהערט געשריי:
— איבעריק די רו אַזוי!...
אין שווערער וואָך
גרינגער יאָך
אין האַרצן אומצוטראָגן!...

## שיימעס בלעכענע

גראָער שאָבעס. פרום-פאַרצאָגטער עלעל —
ס'דראָען שלעסער — אייזן-פויסטן — פון פאַרהאַקטע שוועלן;
שטאַבעס — אָרעמס אייזערנע —
צעשפּרייט אויף לאָדן, טירן:
— סיי-ווי-סיי — גאָרנישטאָ צו רירן!...
געל-פאַררונענע פּאַפּיר
מיט אויסיִעס, געצוקט, אויף שוואַרצער טיר:
„דיעזער לאַדען צו פערמיהטן"...
שילדן אָפּגעריבן —
שיימעס בלעכענע פונם צעפליקטן
האַנדל-וואַנדל-שווינדל סייפער אָפּגעבליבן...
יאַטקע. רויטע קו — קוקט פונם בלעך פאַרדראָסטן:
אויגן גרויס — מיט צירקל אויסגעמאָסטן;
אויגן מילד, ווי ביי אַ קינד...
האַלט די קו אַ האַק אין אירע ציין,
שמייכלט טרויעריק צו זיך אַליין...
אַ זעקל מעל. אַ לאַבן ברויט —
שוואַרצעס מעסער שטעקט אין מיט...
גלאָז מיט טיי, פעניצל ציטרין
דערין פאַבריט...

אייזן, אַקער, זעג, מוטרע, אַקס — קאָמפּלעט...
אַ לאַנגער זאָק. אַ קינדערש יאַקעלע מיט קורצע אַרבעלעך צעשפּרייט;
ווייזט אַ האַנט
אַן אויסגעפּוצטן פראַנט:
טאַנדעט...
שוואַרצער שטיוול אויף אַ ברעט...
פאַריקמאַכער. באַרשט און קאַם אין אויפגעשטעלטע הענט
איבער אָנגעגרויזטן קאָפּ פונם קליענט...
שפּיגל קעגן אים, בליק — אַ הינטער זיך!
קוקט אַזוי דער פאַריקמאַכער אינם שפּיגל...
אָדלער מיט אַ קרוין; קרומער שנאָבל אויפגעריסן —
מאָנאָפּאָל: טאַבאַק, פּאַפּיראָסן...
אויסיִעס גאָלדערנע אויף מ׳רמלדיקן שוואַרץ — אַפּטייק;
גרינע שלאַנג, פאַרוויקלט אַרום הויבן בעכער — דין —
ד״ר מעדיצין...
אַ פינגער טייטלט אין אַ הויף: אַקושערין רין...
דענטיסט פון צען ביז פיר —
צעעפנט אינם ווייסן שייבל-גאַניק שטייט די טיר...
אַדוואָקאַט — פאַרטיידיקט אין געריכט. אַ ייד. אַ פּינצטערע געזיכט.
הויפן געלט אין פּויסט געדריקט, קלאָלע אינם האַרץ פאַרשטאָכן—
שרייט צום שאָכן:
— שטייער צאָלן!...
שטייער, שטייער, שטייער — קאָנטריבוציע!...
„בית-ספר עממי — תרבות״ — מאָגן-דאָוויִד, פּאַלמע אינדערמיט...
כאַלוצים. „אויראַ״-טאַנץ. געשריי —
קוווצע...
7-קלאַסיקע יידיש-וועלטלעכע שול
(שילד צעבראַזגעט אויפן ווינט,
שויבן — איינגעפלעקט אין טינט...)
קינאָ. איינמאָל שפּילט נאָר אינדערוואָכן — פול...
„בילדגעז.״*) כורווע איינגעפאַלן.
יוגנט — פּראָגרעסיוו, צעשטיפט...

*) בילדונג-געזעלשאַפט.



בלאָז-אָרקעסטער. מעשן-הייזעריקע מאַרשן שאַלן
אינם שאַבעס...
ביבליאָטעק. טונקל. שטיל.
ביכער — שימלדיק-פאַרשטויבט —
רעפּעטיציע: בערגעלסאָנס „די ברויט-מיל״...
„פּאָסטערונעק פּ. פּ.״ — פאָן צעשמיסן אויפן דאַך — אַ בייטש...
עלעקטראָווניע — שווער צעסאָפּעט, ווי אַ גאַנדז...
הויכער פאַרקאַן. שטעכיק-זשאַווערדיקער דראָט...
טפיסע...
געל-געפאָרבענער וואָקזאַל:
קליינבאַן, ווי אַ שטשור, לויפט פלינק פאַרביי...
פּאָסט. גימנאַזיע. סעמינאַר.
פייער-לעשער-טורעם, ווי אַ ריז,
לויערט גלאָקיק אין דער ווייט אויף בראַנדיקער געפאַר...
מאַגיסטראַט. פישלעך צוויי — עמבלעם.
זייגער אינם קאַלך-טורעם פאַרמויערט,
ווייזערס, פינגער איינגעגליווערט, טייטלען שוואַרץ אויף: צען...
סערל — אָפּגעצוימט,
קעגן קלויסטער ווייסן — הויך-פּאַריסן
(קלויסטער מיט אַ שעם);
ביימלעך דריי. בלומען אינם ווילדן גראָז געפלאָנטערט.
(ס׳האָט מאַגיסטראַט אַ שטיק פון מאַרק
צעאַקערט אויף אַ פּאַרק) —
גאַלעכס הויז אויף קלויסטערישער ערד;
ס׳שרייען ווייסע בוכשטאַבן פון רויטן דאַך
צו פּויערים אין מאַרק און אויף יאַרידן:
— דאָ טרינקט מען טיי!...
— דאָ קויפט מען ביליק ברויט!...
— דאָ מיידט מען אויסעט יידן!...
לייען-זאַל אויף נאָמען פון דער „הייליקער טערעסע״ —
גאָטס וואָרט נישט פאַרגעסן!...
פערדלעך אויסגעשפּאַנט. האָבער-טאָרבעס אויף די קעפּ.

האָלעבאַליעס דוכענען אָנטקעגן קלויסטער.
קראָען פּיקן פאַרעדיקן מיסט אויף שטיינער לעבן פּאַרק...

— — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

## פּראָסטע פרייד

גראָער שאַבעס. פרום-פאַרצאָגטער עלעל — שנאַס טאַראַך—
ס'איז מוליער הירש אין גראָען שאַבעס אַלט-געוואָרן זיביציק יאָר!
אין שטוב, אין גאַס
געשפּאַנט האָט, ווי אַ בעטלער,
מידע, טרויעריקע וואָך,
נאָר דאָ, אין מוליערס שטיבל,
צווישן קראָמען, קרעמלעך, קלייטן,
צווישן שיימעס בלעכענע-צעשפּרייטע — פריילעך!...
ס'גרימפּלט ס'שטיבל, ווי אַ פידל;
פלעסקיען הענט,
האָפּקען ווענט,
שייבלעך ברומען
און דער קוימען-קרומער —
אויפן דאַך לייגט אַן אויער צו און האָרכט:
מוליער הירש — אַלט-געוואָרן זיב'ציק יאָר!...
איידימס, טעכטער, שניר, אייניקלעך און זין —
פאַרבעטן אויף „נאָכוואַרימעס" צו זיך;
בראָנפן. ברויט. הערינג מאַרינירט אין ווייניק-עסיקדיקן יויך —
קיבעד אויפן טיש, מיט קויל-טישטוך צוגעדעקטן...
מוליער הירש — אויבנאָן,
אין פאַלעטאָנקע פּעט-פאַרפלעקטער;
היטל—סטאָציק-שוואַרץ—אויף גראָען קאָפּ.
די קראַנקע מוליערקע אַנטקעגן אים, צו דעם סאָמאָד געלענט...
קאַרדאָנקע טיכל אויפן קאָפּ,



פאַרפלאָכטן אויפן בויך די דינע הענט...
איידימס — באַלמעלאָכעס:
דער געלער בעקער, באָרען —
ברילן קיילעכדיקע, ווי אַ „טאַליגענט",
האָריק-רויטע הענט,
געלע ציין, ווי דונער-שטיינדלעך,
סטאַרטשען אויף דער לופּ מיט כיין...
דער הויכער איידים פון ישעוו, יאָסל:
נאָז — קורץ אָפּגעהאַקט.
נאָזלעכער, ווי ביי אַ שקאָץ,
אויגן טמימעסדיק און בלוי,
ווי ביי אַ גוי...
זין — טאָקאַרעס און מוליאַרעס
(הענט מיט שנאַרעס) —
אַלע מיט די ווייבער, קינדער אויף די הענט — אַ
מישפּאָכע גרויס, קיין בייז אויג זאָל נישט שאַדטן!...
געקומען צו דעם אַלטן טאַטן
אויף „מענינעס"...
פּראָסטע פרייד אין די געמיטעה, פרייע מינעס.
קוקט מען אויף די ווענט:
פאָטאָגראַפיעס פון די קינדער, קרויווים —
איבער יאַמען ווייט-פאַרפלויגן...
פינקלען טרערן אין די אויגן:
— פייגעלעך, פאַרפלויגן!...
נישט באַשערט דער נאַכעס דאָ — מיט אַלע!...
זע, ווי לעבעדיק זיי קוקן אויפן טאַטן!
היטן יעדן קער און ריר...
אָט גייען זיי אַראָפּ פון פּאַפּיר,
זעצן זיך צום טיש מיט אַלע גלייך...
נאָר זיי שמייכלען, שטומען אויף די ווענט.
פאַלן טראָפּנס פון די וויעס — טוי פון בלעטלעך אין באַגין, —
צו ווייגען איצטער האָט קיין זין!..

פּאַטשט דער מוליער הירש אין זיינע הענט:
— אויף וועמען וואַרט'ן, האַ?!
קוועטשן איידימס מיט די פּלייצעס: — נו?..
בעט די מוליערקע די שניר מיט ווייך-פאַרטרערט געבעט:
— די קינדער ניט פאַרזעט...
פולע גלעזלעך פאַר די אויגן אויפגעהויבן
(ס'שטוינען, גלאָנצנדיק, די שויבן) —
אויגן גלאַנצן. גומענס קיצלען. בערדלעך צאַפּלען...
ס'שרייט דער ערשטער אויפן קאָל דער געלער בעקער, באָרעך:
— לעכאַיִם, שווער!..
— לעכאַיִם, טרינקט געזונט!..
צוקט די עלטסטע טאָכטער מיט אַן אַקסל
(אַ געוווינשאַפט) — ;
באַקן פלאַמען. אויגן פינטלען.
טרערן-טראָפּנס טריפן,
ווי געשליפן:
— טאַטע, זאָלסט דערלעבן...
טרערן וואַרגן. ליפּן שמאַרצן...
בראָנפן בריט אין מויל,
ווי הייסער קויל...
טעלער-מעסער-גאָפּל-קלונג,
מויצעס ברויט צערייסט מען, ווי אַ לייב זיין רויב...
ס'בלאָנדזשען פינגער נאָך פאַרבייסונג
צו די ספּאָדקעס מיט די קענטלעך — גאָלד,
קיבעד קייט מען מיט האַנאָע,
ווי פאַרטראַכט...
בראָנפן גליט אין מויכעס, ווי די זון פאַרנאַכט...
נעזער רויטע טאַנצן פאַר די אויגן, ווי די שיידים...
נעמען אייניקלעך אַ לידל זינגען פאַר די זקיינים:
„לעבן זיך אינאיינעם די אַלטיטשקע פּאָר"...
האַרטע פינגער קלאַפּן טאַקט אויף ראַנד פון טיש
(ס'העלפן אונטן אויך די פיס) —



דעם ניגן אויפגעכאַפּט, — אַ פּעדער:
„אַכציק ער
און זיבעציק — זי!"...
זינגען אַלע!
ס'זינגט דאָס שטיבל,
טענצלען קיילים אויפן טיש,
שייבלעך ברומען
און דער קוימען — קרומער —
אויפן דאַך לייגט אַן אויער צו און האָרכט...
שטייט אַן אייניקל אַנטקעגן זיידן.
הענט — אַראָפּגעלאָזט.
פּענימל — צעגליט — אַ זיסער עפּל אויף דער זון, אַ סליאַז...
אַ ליד מיט קויען, הייס, דעקלאַמירט דאָס אייניקל פון קלאַס:
(ס'שעפּטשעט מאַמע יעדן וואָרט מיט אירע אויגן) —
„געזונט זאָלן זיין די הענט מיט מאָזאָליעס,
דער שטערן, פון וועלכן ס'גיסט זיך דער שווייס!"...
שלאָגן ווערטער אָפּ אין זיידנס האַרץ מיט כּ:עסדיקער קראַפט.
ס'רינט די פרייד אין פּאָנים-קנייטשן,
ווי אין ווענסנע-רינוועלעך — דער שמעלץ...
אויגן — בלאָע הימל-לאַטקעלעך אינגם געזיכט —
גלאַנצן אין דער אויפגעטערטער פרייד,
ווי ס'גלאַנצן וואַסערן אין פעלד...
די ברייטע מוליער-הענט,
מיט בלויע אָדערן געפלאָכטן, ווי מיט שטריק,
מיט געלן ליים-זשאַווער די נעגל, ווי אין רעמלעך גאָלד, —
וואַרעמען זיך ביי דער ברייטער ברוסט,
און ס'איז זיי איצטער אַזוי גוט, די מוליער-הענט!...
און ס'קוקט דער מוליער הירש אויף פּענימער אַרום דעם טיש,
ווי ס'קוקט דער אַלטער דעמב אויף יונגע דעמבעלעך אין וואַלד;
ער זעט:
ס'זענען פּענימער לעקאָוועד סימכע
אויסגעלייטערט, ווי פּרימאָרגנס...

נאָר ס׳גלאַנצט אין יעדנס בליק די זאָרג פֿאַר מאָרגנדיקן טאָג...
ס׳האָרעווען אין דער מישפּאָכע — אַלע!
ס׳טראָגן טעכטער יאָך פֿון זייַ׳רע מאַנען,
און קינדער שלעפּן לאַסט פֿון עלטערן,
ווי צוגעשפּאַנטע פֿערד — אין שפּאַנען...
און ס׳בליקט דער מוליער הירש דורך סימכע-נעפּל אויפֿן ווייַב...
ער זעט:
איר פּאָנים —
געל, בלייַך, גרין,
ווי אַ ציטרין...
אַ פּאָנים קליין און אויסגעליטן — ביי אַ קינד...
ס׳רויכערט-נעפּלדיק — איר בליק, ווי לייַכטער, אויסגעלאָשן...
אַך, געווען איז זי אין די יונגע יאָרן
דיק, שיין —
אַ מייכל איז געווען אויף איר צו קוקן!...
צוועלף קינדער אויף דער וועלט געבראַכט;
ער — געהאָדעוועט די מויערן אין גאַס,
זי — די קינדערלעך אין שטוב...
איצטער לייַכט איר שאַרבן דורך די גראָע האָר
מיט קאַלטן בליאַסק פֿון אָנמאַכט, טויט...
איצטער טראָגט זי אַנגסטיק אירע גלידער...
ווי-לאַנג געשטאַנען ביידע אונטער די „פּיר פּלעקער״?!..
קלינגען יאָרן, טעג —
אַוועק —
אין מויעך אָפּ, ווי ווייַטע גלעקער...
און ס׳קוקט דער מוליער אויפֿן ווייַב
מיט ליפּן אויסגעצויגן אין דער באָרד פֿון שמייכלדיקן ווייי
(ס׳דוכט: אַ רויטער וואָרים פֿויזעט אינם הייי)
ער געזעגנט זיך אין האַרץ מיט איר אויף אייביק...
ס׳זעט דער מענטש דעם סאָף מיט זייַן מאַכשאָווע;
קומט די עלטער אָן, ווי אַ פֿאַרנאַכט אין פֿעלד...
טו, מאַך, העלף —



כאָרעוו ווערט אַ כאַטע, כאָרעוו ווערט — דער גוף!...
באַמערקן אַלע זייַנע בליקן, זייער מיין...
נעמט רוישן אין די קעפּ, ווי אין וואַלד — געהיים...
די נעשאָמע הענגט -- אַ טרער...
נאָר מ׳וויל די סימכע מיטן טראַכטן, קלערן —
נישט פֿאַרשטערן...
הייסט מען קינדער ווידער „זאָגן״, זינגען,
נעמען גלעזלעך ווידער קושן זיך און קלינגען...
הערצער שטילט מען מיטן ברויט, ווי אַ קינד מיט מאַמעס ברוסט...
און אַז דאָס קיבעד אויפֿן טיש געווען איז אויפֿגעקליבן ביז
אַ ברעקל,
טעלער — פּוסט,
האָט אַ שווייַגעניש גענומען אויף געמיטער, ווי אַ פֿראָסט...
הערצער, ווי אויף שלעסער.
קעפּ — געזונקען. בליקן שאַרף — אַ מעסער.
בראָנפֿן זעצט פֿון מיילער — אַ פֿאָדוואַל...
דער געלער בעקער, באָרעך, ווישט די ברילן מיט אַ שניפּטוך;
דעם קאַזיריק טאַפּט דער איידעם פֿונם ישעוו, יאָסל —
נאָכאַנאַנד, קעסיידער...
ס׳פּייקלען זין — פֿאַרשנאָשקעט —
מיט די גאָפּל-מעסער, ווי די קינדער...
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
נאָר ווי עס פֿילט די שאָף ס׳אָנקומען פֿון שטורעם אינעם פֿעלד,
אַזוי דערפֿילט האָט מען:
ס׳וועט דער אַלטער טאַטע זאָגן „עפּעס״, ווי זייַן שטייגער...
ער האָט דאָך ליב: צו שרייַען, מוסערן, צו שטראָפֿן —
פֿאַר אַוולעס אויף דער וועלט,
פֿאַר ווילטאָג, פֿוילקייט, שפּעטן שלאָפֿן...
פֿאַר לעבנס גרינגע, וואָס מ׳טוט גלוסטן...
ס׳ווייסן קינד און קייט: מוליער הירש — אַ כאָכעם!...
ס׳קומען „גרעסטע לייַט״ צו אים אַמאָל אַן אייצע-האַלטן...
זייַן וואָרט געטאָקט,

און זינען, ווי אַן אויצער, צו באַהאַלטן...
— — — — — — — — — — — — — — — —

אַ לידל דורך דער נאָז
באַמקעט מוליער הירש — זיין שטייגער...
אַ מייסע מיט אַ פּאַסטוכל פאַרלאָפן:
ער האָט די שעפעלעך פאַרלוירן און געטראָפן...
(ס'זעלבע לידל — נאָך געזונגען,
ווען ער איז מיט קינדער אין איין בעט געשלאָפן...);
צוגעפּויקט מיט האַרטע פינגער: — פּאַם, פּאַם, פּאַם...
דערנאָך — אַ טיפער זיפץ, אַ שאָקל מיטן קאָפּ,
און ס'האָבן קוואַלן פונם האַרצן זיך געעפנט...
פאַרהויבן האָט'ן קעפ אַרום דעם טיש, ווי לעמער דורשטיקע צום קוואַל,
וואָס שלאָגט פון בערג צערוישטערהייט,
און ס'האָט דער מוליער הירש אָנגעהויבן זיינע
רייד:

## אַ לעבן אָפּגעלעבט

— ס'קומט אַ טאָג,
עפנט זיך דאָס האַרץ — אַן אויסגעבריטע איי —
פּיקט דאָס גאַנצע לעבן זיך אַרויסעט, ווי אַ הינדל...
אַ לעבן אָפּגעלעבט — נישט צו פאַרזינדיקן! —
ס'איז דאָס בעכער פול, ס'קאָן דער טויט אים נעמען צו די ליפּן...
אַ לעבן אָפּגעלעבט — כ'זע דעם גאַנג פון לעבן,
כ'זע דעם סייכל פון דער וועלט, ווי אַ פאַרענדיקטע „פּאַסטראָיקע“;
אָט איז דער פּאָדמור — די קינדער־יאָרן —
אָט די ווענט, דער קוימען און דער דאַך...
אַ מענטש ווערט, ווי אַ קערנדל צעפוילט אין דרערד,
ס'צעקריכט דאָס לעבן, ווי אַ בעגעד אויפן לייב...
נאָר איך באַקלאָג זיך נישט!...
אַ לעבן אויסגעפירט מיט פינגער צען,



ס'מייניקע דערגרייכט — וואָס וויל מען נאָך?!
געווען אַ פּראָסטער אַרבעטער, אַ מוליער און אַן אָרימאַן —
פיין פון מיר, וואָס ס'איז פאַראַן!...
אין קלאַסן נישט געלערנט, נישט געגאַנגען!
ס'זענען אין מיין צייט
פאַר אָרימעלייט
קיין קלאַסן נישט געווען...
שיקן קינדער אין די קלאַסן פלעגן גווירים,
אונז — געשטאָפּט מיט טוירע, „דורעס“ —
ס'איז אין קאָפּ גאָרנישט געקראָכן,
ווי אַ פוס קריכט נישט אין ענגען שטיוול...
(דער גוויר ווייס אַלעמאָל — וואָס גוט!...)
נאָר איך פאַרשטיי, ווייס פון דען אַ סאַך!
צייט צעעפנט אויג און מויעך, ווי אַ שלאָס,
ווייס מען כאָלאָפּאָכעס, אַז מ'לעבט — פאַרוואָס?!
לעבן איז אַ בוך, צאָרעס איז דער בעסטער רעבע!...
אַ טאָג — אַ בלאַט מיט נייס.
אַ יאָר — אין טומל, ראַעש — איז אַ קלאַס!...
מ'קוקט זיך צו צו אַלץ, צו מענטשן און צו זיך אַליין —
אַלץ דערגיין!...
מ'איז צום לעבן צוגעבונדן, ווי מיט שטריק.
מ'לעבט מיט מענטשן— דאַרף מען זיי אַוואַדע קענען און פאַרשטיין!
נאָר צו פאַרשטיין אַ מענטש — באַדאַרף מען פריער זיך אַליין
גוט קענען!...
מ'זעט דעם אַנדערן דורך זיך, ווי דורך אַ שויב...
מיטן עמעס, מיט פאַרשטאַנד
קאָן מען אויפמאַכן דעם צווייטנס האַרץ, ווי מיט דער האַנט...
כ'ווייס:
אַ קלוגע וועלט געוואָרן —
אייער לערגען היינט די הינער!
עפּשער זענען היינט די אייער קליגער פאַר די הינער?...
כ'זע:

די קינדער ווייסן מער פון מיר, וואָס ס'טוט זיך אויף דער וועלט!
ווייסן זאַכן, וואָס איך קאָן מער מיטן סייכל נישט באַנעמען....
אַ וועלט — פאַרביטן אַלץ, ווי אויף דער שלאַנג — די פעל;
אַזאַ מילכאָמע דורכגעלעבט, אַ וויסטע צייט!
פּאָליאַקן, טייטשן, רוסן, באָלשעוויקעס —
ביקסן, פּיקעס...
באָרוועס, הונגעריק,
שווערדן, צוגעבונדענע מיט פּראָסטע שטריק,
סינע אינם בליק... געגאַנגען שלאָגן זיך, פאַר ברויט...
זיבן גווירים פאַר אַמאָל געטויט — אַ יאָמער און אַ שוואַרצער טאָג...
צעשאָכטן האָט מען זיי, ווי אויפּעס!...
קופּקעס מאַרך מיט בלאָטע, ביינדעלעך און בלוט געמישט...
גלידער, קעפּ — צעטראַסקעט, אָט ווי האָלץ —
גווירים גישט דערקענט...
אַ שטאָט פאַרבראָכן האָט די הענט
באַגראָבן אין איין קייווער אַ מישפּאָכע...
אַ בלאָנדער זון אין מאַרק — די צונג געשאַרפט: —
— אַזוי באַדאַרפט! — געשריען פון אַ וואָגן: —
געקומען איז די שאָ, און ס'האָט געשלאָגן!...
קייסאָרים פונם טראָן דערלאַנגט דעם וועג,
דער אַרבעטער אויף זיך אַליין דער האַר —
ווער האָט זיך אויף דעם אַמאָל געריכט?!
רויטע הענער אויף מאַיאָנטקעס האָבן אָנגעלאָזט די קנעכט;
געפלאַטערט פלאַמען אויף די דעכער, ווי די פאַנעס...
צופרידן — וואָס באַשערט געווען
צו זען
אַזויפיל זאַכן מיט די אויגן!
געפעלט —
אַ נייע וועלט,
געקומען, ווי אַ לעבעדיקע זאַך מיט ווייטאָגן און בלוט,
אַ צייט, וואָס שמייסט אין הינטן, ווי אַ רוט!...
ס'טרעפט:



אַ לעבן אָפּגעלעבט, מ'קומט צו לעצטע „וויאָרסטן" —
ווייס מען ערשט נישט, ווו געוועזן, ווו געגאַנגען וואָס ט'פאַסירט?!
אַ לעבן אָפּגעלעבט — קלעקט קוים צו דערציילן אויף אַ שאָ!...
בעאייס מען איז נאָך יונג, קלערט מען דאָך פון גאָרנישט-נישט!
מ'מיינט:
שטענדיק ט'זיין אַזוי, ווי ס'איז:
מ'ווייס דעם סייכל נישט פון צייט, וואָס טרייבט דעם גאַנג פון לעבן,
ווי אין זייגער די פּרונזשינע...
נאָר ס'שינדט די צייט, ווי מיט אַ מעסער, אָפּ די בעלמע פונם אויג, —
זעט מען:
אַלץ איז אַנדערש, ווי מ'האָט זיך פאָרגעשטעלט...
לעבן איז אַ גרויסע קונץ, ווי צו לעבן דאַרף מען וויסן,
אי, באַדאַרף מען וויסן!...
איין סייכל קערעוועט מיט אַלץ, מיט אונז, ווי מיט דער קאַץ!
אַ קאַץ ווערט אויך געבוירן בלינד, —
נאָר ס'דויערט קורץ — כאַפּט זי שוין פאַר זיך אַ מויז...
אַ מענטשן מוז מען פירן פאַר אַ האַנט,
לערנען גיין,
שטיין:
ס'דויערט — ביז מ'טרעפט אַליין דעם וועג,
וואָס פירט פון וויגל ביזן גרוב...
ביז ס'ווערט דער מאַרך אין שאַרבן צייטיק, ווי אַ יאָדרע אין אַ נוס...
סייכל פירט און לייכט, ווי אַ לאַמטערן;
סייכל כאַפּט די וועלט אַרום, ווי מיט אַ רייף...
מיט סייכל קערעוועט די וועלט,
נאָר גוטסקייט פעלט!...

## פון גאָר-אַמאָל

...אָנגהויבן פון גאָר אַמאָל?!
מיין טאַטע איז געווען אַן אָרימאַן, וואָס אָרימער קאָן גאָר נישט זיין!...



געלעבט האָט מען אין דאָרף,
אין ,פּיעקערנע״ געשטיקט — קיין קוימען נישט געווען...
דער רויך געקראָכן דורך די אויגן, דורכן האַלדז,
די פינסטערניש — נישט אָפּגעטראָטן אויף אַ ווייל,
געלעגן איינגעקנורעט, ווי אַ קראַנקע קאַץ...
ווינטער זענען פרעסט אין שטוּב אַרומגעגאַנגען, ווי די וועלף...
געבלאַנקט האָט ס׳דרויסן דורך די קלעצער,
ווי אַ שאַרפע שווערד...
נאַקעט זענען מיר געווען, ווי שטיינער ביי דעם פלויט,
קיין העמדל אויף לייב — קוים געוועזן ברויט...
אַרום געקוואָלן האָבן זאַנגען צייטיקע, ווי גאָלד,
ביי אונז — די נויט...
מיט אַ שפּינדל ווען אַ „גרייזיק״ אויסגעשאָבן האָט די מאַמע —
איז געווען אַ יאָנטעוו!...
מיט די אויגן אויפגעשלונגען, הונגער אויפגערייצט נאָר, ווי אַ הונט...
ס׳איינציקע פאַרמעגן איז געווען: אַ פערד —
אַ צאַר געווען אויף אים צו קוקן...
(דעם באַלעכיי — דערזעלבער גוירל,
ווי זיין באַלעבאָס — באַשערט...)
דער טאַטע — אַ „פּאָדמעלשטשיק״ אין אַ מיל;
טווּע ביי די פויערים גענומען,
מעל געפירט, אַכט גילדן אין דער וואָך פאַרדינט —
פון דעם האָט מען געלעבט...
שטענדיק בייז, מיט קיינעם נישט אַ וואָרט גערעדט —
געזעסן זעלטן ווען אין שטוּב...
ס׳פערדל אָפּט פאַר קאַעס מיט די ציין געגריזשעט...
פאַר גאַנווענען אַן עפּל אין אַ סאָד — פלעגט ער קאַטעווען ביז בלוט;
אויסגעזען אין די פאַרמעליקטע לאַכמאַנעס, ווי אַ גייענדיקער זאַק
מיט מעל...

אויגן — ווי פאַרשנייטע פעלדער —
ס׳פלעגט אַ מוירע, קעלט אָניאָגן, קוקנדיק אין זיי...
מיר האָבן אים נישט ליב געהאַט!...

פינף קינדער זענען מיר געווען:
יינגלעך — צוויי, מיידלעך — דריי,
געשלאָפן אויפן אויוון, אויפן היי...
געוואַקסן, ווי דאָס קראָפּיווע אין פעלד,
געליטן, הונגער, קעלט,
געגאַנגען אָפּגעריסן,
אָפּגעשליסן,
שטיקער לייב פלעגט פאַלן פון די לעכער...
פלעגט די מאַמע ווינטשן זיך:
— דעם שיינעם, ריינעם טויט...
מיר האָבן געמיינט: ס'איז א ווילע זאַך,
און זיך עס אויך געווונטשן...
אונטערגעוואַקסן —
זיך צעלאָפן פון דער היים, ווי פייגל פון א נעסט;
נאָכגעיאָגט פון הינטן האָט די נויט — אַ בייזער הונט —
געלאָפן ווי אָן אַ נעשאָמע...
דעם טאַטן — נישט געאַרט, וואָס מיר זענען אַוועק!
אין אָרעמקייט אין נויט
ווערט דאָס האַרץ פאַרקאָוועט, ווי אַ שטיין;
מ'האָט קיין מורא נישט פאַר שלעכטס, פאַר גאָט —
נישטאָ קיין ליבשאַפט צו אַ קינד...
איינמאָל פאַר אַלעמאָל געזאָגט:
— ווי ר'וועט זיך אויסבעטן, אַזוי ט'איר שלאָפן...
זיי האָבן הענט — זאָל זאָרגן זייער קאָפּ!...
ווייטער גאָרנישט-ניט — געשוויגן, ווי דער וואַלד...
דער מאַמען — יאָ געאַרט;
פון רויך אין שטוב געוואָרן איז זי בלינד,
ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד...
האָט זי נישט געזען, ווי מיר זענען אַוועק...
אינדערפינסטער די געלעגערס אונזערע געטאַפּט,
קיינעם נישט געפונען — איז איר האַרץ צערונען, ווי אַ טרער...
נישט געהאַט אַפילו וועמען פרעגן:





— ווּ איז מען אַוועק?!
דער טאַטע האָט מיט איר (מיט קיינעם) נישט דערפוּן גערעדט,
נעזעסן שטום ביים טיש,
דייזשע-קוואַס מיט סקאָרינעס געגעסן — ווי פאַרגעסן
די ברידער — יוּנגע קינדער נאָך — אַוועק איבערן ים;
די שוועסטער — דינען זיך געשטעלט:
איך אַליין, דער בכאָר, — פאַרבליבן דאָ;
ווי כריין אויף ריב-אייזן —
געריבן זיך אָן שווערע יאָרן, טעג...
געוואַלגערט אין דער פרעמד; געקנאָטן ליים...
געטראָגן ציגל זאַלבענאַנד ביים מוליער פייווע-יאָשע
(אַ ייד — אַ ראָשע)
קרעכצן זאָל ער דאָרט אין זאַמד!...
ביז טיפן האַרבסט, — אַ באָרוועסער, געקנאָטן מיט די פיס דאָס ליים.
געטראָגן ציגל הויך אויף רוּשטאָוואַניעס; געשלאָפן אויפן שטרוי,
מייז פוּן זיך געטריבן, ווי די פליגן...
צו-טאָן נישט געקאָנט אַן אויג אַ גאַנצע נאַכט...
געגעסן קלעפּ
(שלאָגן פלעגט ער מיט דער קעלניע,
ווּ ס'האָט זיך פּאָפּאַדיעט...) —
אַ פּאָר שטיוועלעך — אָנגעקומען שווער מיט טויט צוגלייך...
אָט אַזוי —
געגאַנגען איז די צייט אַריבער מיר,
ווי אויף אַ בריק — אַ שווערער וואָגן,
יונגע פּלייצעס קאָנען אַלץ אַריבערטראָגן!
פלעג גיין אַמאָל אַהיים,
אַ קוק-טאָן, זען, וואָס מאַכן זיי אַליין?...
צוזען נישט געקאָנט דעם צאַר, העלפן נישט געקאָנט —
אַנטלויפן, ווי אַ וואָלף פאַר פייער אין דער נאַכט
אומגיין אַ צעמישטער, בייז-פאַרטראַכט:
— צו-וואָס — דער סייכל אונז באַשערט?!



צו בלייבן רויק אין דער נויט?!
מ'האָרעוועט, מ'זאָרגט...
מ'קאַרגט דאָס ביסן און מ'באָרגט;
ווילטאָג זעט מען צו ביי יענעם —
ברענט דאָס האַרץ — אַ געגנעם...
קלאָלעס לעשן הערצער אָפּ,
ווי קאַלטע וואַסער — קאָכעדיקן טאָפּ...
ווּנטשן וויכן ווּנדן, ווי מיט זאַלב
מיט צאָרן קומט מען אָפּ — געננוג,
אַבי אַ מענטש איז קלוג!...
פיר יאָר — ביים באַלעבאָס געווען,
ביז ער האָט איינמאָל מיר געפּאַטשט;
פאַרדראָסן האָט אים, וואָס איך קאָן די אַרבעט מער פאַר אים!...
געשלאָגן מיט דער צונג, ווי מיט אַ שטעקן —
אָפּצושרעקן...
נאָר איך האָב נישט גערוט;
אַ גרויסער שוין געווען!—
געשוואָרן נויקעם-זיין-זיך פאַר פאַרגיסן בלוט,
פאַר טרעטן מיט די פיס — אַוועק!
גענומען — פאַר-זיך טאָן;
דער קאָפּ געווען צו דער אַרבעט גוט, די אַרבעט האָט געטויגט!
און אַז די אַרבעט טויג — ווערט אַרבעט ליב!
קריגט מען אויך פאַר זיך דער דערעך-ערעץ, טרויט מען אַרבעט
אָן — גענוג!

ווערט מען קלוג!
ווערט מען איבער זיך דער באַלעבאָס!
לעבט מען פוּן די פינגער צען...
ווערן הענט — פליגל, דורכצופליען זיך אַ וועלט!...
אָ, וואָס ווייס מען היינט פוּן צאָרעס, וואָס זיך אין דער יוגנט אָנגעליטן!
היינט — אַבי נאָר עפּעס, הענגט מען און מען טרינקט זיך!
מ'קלאָגט:
— ס'איז אומעטיק,

מ'וויל ראַק איידל זיין, געבילדעט, שלאָפן ביזן האַלבן טאָג,
אומגיין ליידיק מיט אַ שטעקעלע אין האַנט —
אַ פראַנט!
יענער טאָן זאָל אַלץ פאַר מיר...
מיר איז אויך געוועזן שלעכט און ביטער, ווי דער טויט;
נאָר, קלערנדיק פון טויט, האָב איך צו זיך געזאָגט:
— אַז ס'לעבן איז אַזוי, היינט — ווי דער טויט?!
אַליין דאָס לעבן זיך דאָך נישט גענומען,
טאָר מען עס נישט צונעמען מיט אייג'נע הענט!...
כ'האָב אויך אַ כיילעק אין דער וועלט!
כ'אַרבעט — איז מיין כיילעק גרעסער!...
אין כאַטעס, הויפן, שטעט —
וווּ ס'האָט זיך געמאַכט — געטאָן!
אַרויס פון זינען איז די שלעכטס
(אַ מענטשנס טעווע—ער פאַרגעסט!)
געאַרבעט מיט אַ ברען!
פאַרדריסן פלעגט,
וואָס ס'רייסט די נאַכט די אַרבעט איבער אין דער מיט —
מיט באַגין — אַרויס זיך שטעלן טאָן!...
שאַבעס איז געווען מיין ערגסטער טאָג;
ווי קום איך ליידיק גיין מיט קרעמער, ליידיק-גייער,
באַלעבאַטים — זאַטע?!
ווי קאָן מען ליידיק גיין אַ טאָג און נישט אַראָפּ פון זינען!?

## אליין

פרי — דער מאַמען האָלט געקראָגן,
געקראָגן האָלט פון ערשטן מאָל, ווען ביי דער אַרבעט זי דערזען...
האַרבסט געווען.
געזילבערט האָבן יונגע פרעסט דאַך און פעלד,



איך אין פרישער קעלט — געקנאָטן מיט די הוילע פיס דאָס ליים
ביי איר היים...
אַן עמער וואַרעם וואַסער
ברענגען פלעגט זי מיר — די פיס דערוואַרימען,
שמייכלען, ווי פאַרשעמט, פאַרן דערבאַר'מען זיך איבער מיר...
און אַז זי פלעגט אַוועק, פלעגט זי אויך מיטנעמען דאָס האַרץ,
אַ שלאַפקייט איבערלאָזן אין די גלידער...
געצויגן האָט צו איר, ווי אַ מאַגנעט...
(אַ שמייכל, ווי אַ שפּעטע זון,
גייט-אויף אויף פעני‌מער צרוּם...
ס'קאָן די מוליערקע נישט ליידן, וואָס „ער" רעדט...
ליפן איינגעשנורעוועט... בליקן, ווי פאַרקילט,
און ס'ציט דער מוליער הירש ווייטער זיינע רייד):
— דערפילט: כ'קאָן אַליין נישט זיין!
אַליין איז מען קיין מענטש גאָר נישט —
מאַן און ווייב ווערט ערשט אַ גאַנצער מענטש,
דערפילט:
קייכעס אויף צו ראַנגלען זיך אַליין;
דעם טאַטן אירן, שימשן שמיד, פאַרטרויט:
— איך וויל זי פאַר אַ ווייב...
נישט דערווידערט אויף אַ האָר:
אַ שפּיי אין האַנט,
אַ הויב דעם האַמער און אַ פאָר,
ווי ר'וואָלט די רייד זיינע געשמידט:
— האָסט דאָך אַ טאַלאַנט — איז גוט!
מיט טאַלאַנט
אין האַנט,
ווערט מען אין ערגעץ נישט פאַרפאַלן!...
אַריין אין זינען זענען זיינע רייד;
אַרויס פון פריזיוו — כאַסענע געהאַט!
אַ גראָשן צו אַ גראָשן אָנגעקליבן,
אַ „זרוב" געקויפט, גענומען בויען!...

וס׳ערשטע, וואָס אַ מענטש באַדאַרף — אַ דאַך איבערן קאָפּ !)
מאָמענטאַל געוואָרן איז אַ כאַטע !
נישט געוואַרט — געוואָרן אויך אַ טאַטע !...
פון פראָסטע מענטשלעך צוויי — אַ דאָר,
לאָמיך האָבן אַזאַ יאָר !...
געהיט זי, ווי אַן אויג אין קאָפּ !
געווען צופרידן מיט אַ יעדן קינד,
אַפילו מיטן צווילינג — מיידלעך צוויי —
געשטאָרבןביידע אין איין טאָג,
ס׳פאַרגעסט די מאַמע נישט צו טאָן נאָך היינט אַ קלאָג...
און מיר פאַרדריסט :
ס׳וואָלט אַרבעט, אָרט פאַר זיי געקלעקט !...
רעכט געוועזן — זיבן מוידן נאָכאַנאַנד,
אַבי — נאָר גלייכע, גאַנצינקע — שוין געוועזן גוט !...
דער מאַמען — נישט געשמעקט ;
געטרייסט :
— ווועסט זען מיין וואָרט —
ס׳וועלן באָכערים נישט אָפּטרעטן פון אָרט !...
אין ענגשאַפט אויסגעוואַקסן — שיין, געזונט,
קיינעם נישט געשאַדט !...
פאַר פראַצע פון די הענט — געוועזן אַלע זאַט !
דריי יינגלעך, ווי פּאָסקרעבצעס אויך צולעצט — סטאָפּ !
אַראָפּ פון הארצן אַ קלאָפּאָט !
דער מאַמען אויך צופרידן שוין געשטעלט —
פיין, און שיין — האָסטו וואָס צו מיר ! ?
און הער-זשע אויף צו קלאָגן אויף מיין קאָפּ !...
געטאָן אַלץ האָט זי איין אַליין, ווי איר געפעלט ;
געקאָכט, געהאָדעוועט, געניית... געווען געזינטער, איידער איצט,
ווען ס׳איז קיין אַרבעט שוין פאַר איר נישטאָ.
אַ גאַנצע וואָך געאַרבעט האָב איך ביי אַ פּאָרעץ אין אַ הויף ;
אייזלען, פּאַוועס, בערן, קראָקאָדילן...
גומנעס, באַרעס, שטאַלן, מילן —



אַ וועלט פאַר אים פאַרביט !...
אַ שלעכטער מענטש געווען !
(די ערד זאָל אים נישט טראָגן !)
געציטערט אָנצורירן זיך אָן אונז, דעם רעשט פונם געצאָלט —
גענומען נאָר פון אַרבעטערס אַ האַנט !
פאַר דיר די וועלט, פאַר דיר איז אַלע קלאָגן !...
געקומען אַזאַ צייט —
פון אים, פון האָב — און — גאָב —
גאָרנישט געוואָרן !...
פרייטאָג — פרי — אַ היים ;
דערלאַנגט דער מאַמען דאָס פאַרדינסט : — נאַ, באַהאַלט !
איך דאַרף עס אויף קאַפּאָרעס !
ס׳דאַרף אַן אַרבעטער נישט די אַשירעס,
ס׳וואַרעמט נישט דאָס געלט, ווי דעם גוויר...
פרייד פון יעדן שטיקל אַרבעט, וואָס געראָטן,
ווייטער, ברודער-לעבן, נאָר געזונט ! — מ׳אַרבעט — האָט׳ן !...
איין גורל בינדט דעם אַרבעטער צונויף, ווי שטריק פון נעץ ;
אַן אַרבעטער — אַן אַרבעטער האָט ליב !
מ׳ווייס נישט פון דער קינע-סינע, ווי אַ גוויר !...
אַ גילדן צוגעקומען — אָפּגעקומען אַ שטיק האַרץ !
קראַנק אויף פאַרגעניגן,
ליגנס,
געלט און
גאָלד...
זיך אַליין ט׳מען האָלט
אַן אָרימאַן — אַ כאַרפּע, מיט אַ קלאָג !...
צוליב רעווער זיך געריסן, ווי די קעץ,
געלט איז זייער געץ !...
צו יענער צייט —
געשטאָרבן איז די בלינדע מאַמע אינם דאָרף ;
געשטאָרבן שטיל, ווי ס׳שטאַרבט אַ גרעזל אָפּ אין פעלד...
געטריבן האָט דער קייסער יידן פון דער ערד ;



דער טאַטע — קראַנק געוואָרן פאַר פאַרדראָס
געוויינט, געבעטן ביי דעם פּריסטאַוו, ווי אַ קינד:
— לאָזט שטאַרבן אויף אַן אָרט!
פירט אויפן בייס־עלמען, איידער אין דער שטאָט —
פיינט געהאַט די שטאָט מיט אירע מענטשן...
געבראַכט אים דאָ צו זיך;
געלעגן קראַנק שוין ביזן טויט מיט, קיינעם גישט גערעדט...
געקרעכצט מיט שטילינקן געזאַנג, ווי אַ זאַטע הינדל —
ווינטער אונטער באַנק...
געטראָגן אינדערפינצטער פאַר אים שיסעלעך געקעכטס —
נישט געגעסן, אַלץ געקרעכצט...
געשטאָרבן, ווען די טייטשן זענען דאָ אַהער געקומען,
נישט באַשערט געווען
צו זען —
ס'קערט די וועלט זיך מיט קאָפּ אַראָפּ!...
די מיידלעך — קרעמערקעס געווען, דינסטן,
פון קינדווייז — אויף —
אַ שוך, אַ בעגעד זיך געמאַכט פון אייגענע פאַרדינסטן...
כאַסענע געמאַכט פאַר באַלעמלאָכעס —
געדענקט די רייד פון שווער מיינעם, דעם שמיד:
— מיט טאַלאַנט אין האַנט
ווערט מען אין ערגעץ נישט פאַרפאַלן!...
די זין — אפילו נישט דערציילט,
שיינע ווייביטשקעס געבראַכט זיך שטילערהייט...
און האָב איך זיי געפרעגט:
— ס'טייטשט, ווי זאָגט איר נישט!?
מיר וואָלטן אויף דער כאַסענע געווען!...
געענטפערט קאַלט, ווי נישט זיי מיינט!
— און דו האָסט אונז געזאָגט!?...
פאַר פרייד — געוויינט...

## די וועלט

אזוי — אַ לעבן דורכגעמאַכט,
מ׳פילט די זאַטקייט נישט אין יאָרן, טעג —
זוועק...
דאַכט: אָקאָרשט געקומען, מ׳דאַרף שוין פּעקלען זיך צוריק!...
ס׳טראַכט אַ מענטש אַ לעבן וועגן
טאַכלעס, טויט,
ער טוט, ער בויט —
שיידט זיך אָפּ פון אַלץ און איז דער האַר!
ס׳געבוירט די ערד די שפּייז אים, ווי אַ מאַמע..
ס׳לעבט האָט כּיעס אַלץ!
ציגל, וואָפנע, ליים,
מויערן און שטיין...
וואַסער ציטערט, ווי אַ לעבעדיקע פעל;
פּאַלאַצן בלייכן אין די וועלדער, ווי דערשראָקן...
ברוד אין רינע רינט דאָך אויכעט מיט אַ פרייד!..
ווונדער מיך נאָך אַלץ: — אין נאַטור —
ווער האָט די וועלט געמאַכט?!
ווער האָט זי קלוג געבויט?!
האָט אַ נוצן ווער פון איר?!
קיינער ווייס נישט!
די, וואָס מיינען, אַז זיי ווייסן — ווייסן אויך נישט מער, ווי
פון אַ טויטן!...

אַדעראַבעי!
זאָלן זיי אַ נייעם גרעזל, צי אַ פויגל מאַכן!
זאָל מען זומער קאַסטנס פּאַגאָדע אויף ווינטער גרייטן?!
זאָל מען מאַכן, מ׳זאָל נישט דאַרפן שטאַרבן!
ס׳זאָלן אַלע זיין צופרידן!!!
מיטן סייכל טראַכט מען אויסעט — פיין און גרינג צו לעבן,
יענעם צו דערשיסן, רויבן;





פראָסטע הענט צו שמידן,
לעבנס אָרימע צו שעכטן, ווי די טויבן!
קומט-אויס אַמאָל צו ריידן מיטן לערער פונם קלאַס:
שטילער יונגערמאַן, שפּאַקולן גאָלד׳נע אויף דער נאָז...
צעספּוזשעט — טמימעסדיק — אַ האָז!...
כ׳שטעל אים אָפּ אין גאַס, כ׳פרעג:
— וואָס הערט מען, פּאַניע לערער, אויף דער וועלט?
וואָס שרייבט מען אין די ביכער און גאַזעטן?
נעמט ער גלאַטע מאָרדע גלעטן,
קנייטשן הויכן שטערן, ווי אַ פּאַרמעט, טרייסלען די טשופּרינע
(פרעג — וואָס דאַרפסטו אַזאַ בלאָנדע קוטשמע אויפן קאָפּ?!)
זאָגט מיט פרומער מינע, ווי אַ ראָוו:
— ס׳דרייט די ערד זיך, קײַלעכדיק — אַ ראָד!..
זאָג איך:
— אַדעראַבע! כיי וואָלט קומען זיך צו דרייען
אַרגענטינע, צי קאַנאַדע —
וואָלט איך מיט די קינדער זיך געזען — אַוואַדע!..
קוקט ער, ווי אַ שויטע — פיר אים כאָטש אין באָד!
זאָג איך:
— ווען מען אַרט עס — ס׳דרייט די ערד זיך, ווי אַ ראָד?!
דרייט זיך!
זאָל זי דרייען זיך געזונטערהייט!....
איר זאָגט בעסער:
ווער אויף וועלט דער באַלעבאָס?!
ווער גיט איינעם גאָר,
דעם צווייטן, — וואָס נישט ווערט אַ בלאָז?!
דאַכט זיך: אַלע האָבן אויגן,
טויגן...
אַלע פונם זעלבן פלייש און בלוט,
ווייסן, וואָס ס׳איז גוט;
פאַר אַלעמען איין הימל, ווי איין דאַך,
פאַר אַלע — זון, לעוואָנע, שטערן...



אַלע עסן פון דער ערד, ווי פון איין טאַטנס טיש!..
פונדען — איינער הונגעריק, דער צווייטער — זאַט!
איינער שלאָפט — אַ פּאָריץ,
צווייטער וואַלגערט זיך אין גאַס, ווי אונטער טריט — אַ בלאַט!..
דורעט איר אַ קאָפּ מיט אַלע „דודעס"
ס׳האָט עס פאַר אַ צורע?!
אַ וועלט מיט מענטשן דרייט דער קאָפּ:
ווו נעמט מען אַרבעט, ברויט?!
לערנט, ווי צו לעבן, טאָן!
פאַרשטיין די אומרעכט אויף דער וועלט —
האָבן סייכל,
נישט זיין מייכל
פאַרן קריכן אויפן קאָפּ, שפּרינגען אויפן אָרימאַן,
ווי ציגן אויף אַ בוים אַ קרומען,
נישט צו שטומען!..
דרייט זיך אום אַ יוגנט פוסט-און-פּאַס
אין גאַס —
פאַרמאָרעשכוירעט,
גיט זיי אַנדער טוירע!..
הייבט ער פלייצעס, ווי אַ קעמל,
ווייס נישט וואָס צו זאָגן,
ער — דער כאָכעם פונם קלאַס!..
וואַקסט אַ וועלט מיט פינסטערע קאַבצאָנים,
קנעכט —
דערציילט מען מייסעס זיי:
„בראשית ברא אלוהים" —
ס׳האָט עס פאַר אַ זין?!
קיינער מיט די אויגן נישט געזען!
גלויב, ווען אויג דערזעט, האַרץ דערפילט, סייכל ווייזט!
„אלוהים" —
טאָ ווייזט מיר אים!..
בין אויך אַ באַלן אָנצוקוקן אַזאַ מייסטער

מיט אַזוינע גאָלד'נע הענט...
בין אויך אַ שטיקל מייסטער!
אַדעראַבּע, זאָל ער אויוונס, ווענט
שטעלן אָן מיין הילף!
האָט ער זיך אין הימל הויך געמאַכט אַן אָרט,
איך דאַרף גלויבן אויפן וואָרט —
ע ר
א י ז
ד אָ!...
מוירע-האָבן,
בעטן,
גלעטן,
מיטן האָר אַראָפּ — וואָסי?!
וואָס האָב איך אים געטון?!
כ'זע:
די מאַמע קוקט אויף מיר שוין קרום,
ווינטשט אין האַרצן מיר געוויס צו בלייבן שטום
פאַר מיינע רייד...
נאָר כ'קאָן דעם עמעס מיינעם אינם האַרצן נישט פאַרהאַלטן!...
מיטן סייכל וויל אַ מענטש פאַרשטיין די וועלט —
קורצע רייד!...

## די טייטשן

כ'געדענק: די טייטשן דאָ געווען,
האָבן זיי אויף ספּראָנצקעס מיר באַוויזן אויסגעקריצט:
„גאָט מיט אונז"...
כ'האָב געפרעגט:
— ליבער הער,
צי האָט זיך גאָט געלערנט כאָטשע שיסן?!



האָבן זיי געלאַכט:
-- יאַוואָל... יאַוואָל...
ווייטער זיי געפרעגט:
— ליבער הער, וואָס האָט מען פונם קריג?
פאַר וועמען לייגט איר אייער קאָפּ?
וואָס ט'מען אייך געטאָן, און ווער האָט אייך געטשעפּעט!?
האָבן זיי געזאָגט:
— פאַר „פאָטערלאַנד" און פאַרן קייסער...
זאָג איך:
— וואָס איז „פאָטערלאַנד"?
וואָס איז עס פאַר אַ זאַך?
גיט עס ברויט אַסאַך?!
און וואָס ט'מען אייער קייסער דאָרט געטאָן?
ווער האָט האָנאָר אים געקראַצט?
ס'פעלט אים, נעבעך, ברויט —
איר גייט שלאָגן זיך צום טויט?!
צעשיטן יונגע לעבנס אויפן פעלד, ווי שוואַרצן מאָן?!...
„פאָטערלאַנד" — מיסטאָמע אַ געשעפט
(אייער קייסער נישט קיין נאַר!)
דאַרפט איר לייגן אייער קאָפּ דערפאַר?!
האָבן זיי געלאַכט —
איז אַ צאַר געווען צו הערן זייער זינגען
פאַרן גיין אין שלאַכט...
מיליאָנען יונגע קינדער אויסגעשאָכטן,
פרעג — פאַרוואָס, פאַרוועןן?!
די סינע איז געוואַקסן מיטן ווילטאָג, ווי קאָרע מיטן שטאַם—
געפלאָכטן...
צוגעזאָגט די יונגע קינדער אַלע גליקן!...
כ'פאַרשטיי — מ'שלאָגט זיך צוליב אָרים ביסן ברויט.
פרעג — וואָס האָט דער אָרימער סאָלדאַט
געהאַט
פון דער מילכאָמע?

געקומען קאַליקעס אַהיים, געבעטלט אַ נעדאָווע אויף די גאַסן ?!..
געסטראַשעט אַלץ מיט גאָט, ווי קינדער — מיטן בער :
— בו... בו... !
אינדערעמעסן — גאָר נישטאָ קיין בער !
מ'וויל — קינדער זאָלן גיך אַנטשלאָפן ווערן,
ווייטער גאָרנישט מער !...

## באַלעבאַטים פרומע

געזאָגט די באַלעבאַטים — פרומע,
האָט מען מיר פאַרגליכן מיט דער טומע ;
נאָר איך בין, ווי אַ באַרג, געשטאַנען ביי מיין דייע :
ווער ס'האָט די מייע —
האָט די דייע אויך ביי גאָט !..
טראָגט דער הונט די באַבקע—איז די באַבקע מער נישט ווערט !..
קלאַפט מען זיך „על-חטא״
ווערט מען דערפון דאַווקע פעט !..
שאָלעם-ביינישׂ — אַ גוויר !
אַ „טעקעלע״ צו זעכציק יאָר,
גראָע האָר,
שטעקעלע אין האַנט — גאַנצער פראַנט !...
כאָכמעט זיך פון שיקסעס מיט יונגאַטשעס...
קוועטשט יאָם-קיפער, צו נעילע, אויס אַ טרער,
שאָקלט מיטן ווייסן קעפעלע, קרעכצעט, וויינט —
מ'מיינט :
אַ צאַדיק ביי דעם אָמעד קלאָגט אויף צאָרעס פון דער וועלט!..
אַ גאַנצן יאָר נאַרט ער טוווע, זוימען
ביי די פויערים אויף מערק, אין היימען — — —
קוועטשט די סנעלקע מיטן פוס — רוקט דעם בעזמען קלוג,
ס'זאָל אויספעלן אין וואָג...



קומט אַן אָרימענטש, ווינטער אינם גרעסטן פראָסט —
צו אים אין הויף
אַרויף,
נעמט אַ שייטל האָלץ, פון הויכן קלאַפטער ביי דער וואַנט —
פאַקט ער זי, אַנקומענדיק פון גאַס, —
טאַלעס-וטפילין-זאַק אונטערן אָרעם,
נאָז — געפראָרן, פעלץ — פאַרטוליעס...
נעמט זיך קאָשער-פרום
דאָס שייטל האָלץ פון האַנט ביי איר אַרויס,
דערלייגט אַ בריק :
— וואָן, אַרויס !
וועסט וויסן, ווי צו נעמען פרעמדן האָלץ, כ'ברענג אַ פּאָליציאַנט!..
(אַליין מיט מיינע אויגן עס געזען !)
גאָט פאַרגעסט ! ס'אַרט אים ווי דער וואַנט !...
גווירים איז ער מויכל !...
קעגן גנייווע, רישעס העלפן טפילעס,
וועט מען גאַנווענען און טפילע-טון —
אַ פראָסטער סייכל !...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

סענדערל פון דער אַפּטייק — ווייס נישט פון זיין גוטס !
שטייט אין טיר, פוצט דאָס בערדעלע, ווי אַ קאַטשקעלע דעם עק...
בלאָזט די שפּרענקעלעך פון לאַץ,
גלאַנצט זיין פּליכל, ווי אַ טאַץ...
אַ גאָלד'נע קייט — אויף קאַמיזעלקעלע צעשפּרייט,
גלייך ר'וואָלט אַ הונט אין בוזעם-קעשענע געהאַלטן צוגעבונדן...
שאָקלט צום „שאַדאָווניק״ מיטן קאָפּ,
דרייט מיטן סורדוטל, ווי אַן עק,
אַז פאָריך גייט אַוועק...
קומען באַלמעלאָכעס אַרבעט בעטן —
אַ שלעכטע צייט — ער בויט !
שוואַרץ פון יונגע קנעכט אין זיינע סקלאַדעס — אַ מוראַשניק...
אַ וועלט צערירט !




יאַגדעס, גראָזן — אַ געשעפט!
מ׳האָרעוועט פאַר אים ווי-טאָג, ווי-נאַכט,
ער מאַכט יאָנטעוו אַלע טאָג!...
ריידן „פערד״ אין גאַס:
— ער קאָן, ער ווייס — געראָטן —
האָט ער!... — —
קומען באַלמעלאָכעס צו אים אַרבעטן בעטן —
באַפאַלן זיינע הענט, ווי שלענג — צערייצטערהייט:
— נישטאָ!.. נישטאָ!.. גייט געזונטערהייט!..
מ׳וועט דאַרפן, וועט מען נאָך אייך שיקן...
ווערן אָנגעצונדן בליקן:
— איר וואַרט —
עס זאָלן באַלמעלאָכעס נעמען אויסגיין אין די גאַסן —
וועט איר אויסנאַרן די אַרבעט פאַר אַ גראָשן?!
אַוועק. באַוויזן דראָאיק מיט דער האַנט.
געשריען האָט ער פונם גאַניקל אַראָפּ:
— די שוואַרצע הענט ט׳מען אייך אָפּהאַקן, כאַזיירים!...
יאָם-קיפּער וועט ער פאַלן קוירים...
גאָט וועט אָננעמען ביים האַרץ:
ס׳ליגט דאָך סענדערל — אַ גוויר — פאַר אים אין שטויב,
קלאָר די זינד זיינע — אַ טויב!..

## לובעם רויפע

פלאַצט מיר אויס דאָס האַרץ אויף שטומע, ערלעכע קאַבצאָנים פאַר מיליאָנען
גייט מען נישט אַ שאָ פאַר ליכט-בענטשן אין באָד,
שאַבעס האַלט מען מיט די לייז!..
קוקן אויף דער נויט, ווי שעפּעלעך צום כאַלעף
אינם שויכעטס האַנט;

זינגען ס׳אַלטע לידל אינם האַרץ:
„גאָט און זיין מישפּעט איז גערעכט״...
און די שטראָף ליגט אויסגעגאָסן אויף זייערע ביינער!
ס׳קויפן גווירים אָפּ דעם סייכל מיט אַ ווונק;
ס׳ליבן גווירים — פרומע, ערלעכע קאַבצאָנים —
נידעריק, ווי גראָז, שטיל ווי וואַסער אויף אַ טרונק.
צדאָקע גיבן גווירים — שוטפים אויך מיט גאָט!
מיט גראָשנס קויפט מען סייכל אָפּ און האַרץ!
שטרעקן שנאָרער שטאַרקע הענט—בענטשן גווירים אָן אַ פולן קאָפּ...
דאַרף מען שייערן אַ טאָפּ —
נישטאָ קיין הענט!
הענט ציילן גראָשנס אינם העקדעש!...
די גאַנצע אָרימקייט געטוליעט
צו דעם שול-הויף:
וויטער פונם שול-הויף—ראַכוועס, גווירים, מויערן און קראָמען,
הויכע פענצטער...
שוסטער, שניידער, באַלעגאָלעס
שטייען יאָנטעוו אינם פּאָליש,
קוקן פּאָרכטיק דורך ביסמעדריש-טיר אויף לוכעס העליש-רויט,
איבערן אָרן-קוידעש, שיין געשניצטן;
דאָרטן פליען קרוווים, דאָרטן אַלע סוידעס...
דאָרטן וועגט מען,
דאָרטן מעקט מען,
ווי אין „קאַנצעדראַליע״ ביים „סודיאַ״...
ס׳גרוילט די אָרימעלייט,
אין פּאָליש אויפגעשפּאַרט...
שאַ-שטיל, מ׳הערט פון זיי קיין פּיפּס...
וואָס האָט מען מוירע, וואָס?!
ער וועט דעם דאַלעס אויף גווירים נישט פאַרשרייבן!
און כ׳ווייז זיי מיט דער האַנט:
— זעט, סע שטייט: „זאָלסט נישט גאַנווענען״!...
זיינען לוכעס, ווי פאַר בושע — רויט...

גווירים — אויבנאַן,
איר האָט יאַנטעוו נישט קיין ברויט!...

— — — — — — — — — — — —

יאַנטעוו — דאַן,
ווען ברויט פאַר אַלעמען פאַראַן!...

— — — — — — — — — — — —

געקומען מאַסערן אויף מיר צום ראָוו:
— רעדט אויף גאָט, לאַכט פון באַלעבאַטים,
שילט, שפּאָט...
געמוסערט האָט דער ראָוו:
— זונינקע, נישט שיין...
ס׳ליידן צוליב זינד פון עלטערן די קינדער...
קומסט גאָר כויזעקן — אין אַ מאָקעם־קאָדעש, זיך אין שטוב!...
האָב געמאַכט אַ מינע, גלייך ס׳וואָלט מיר פאַרדראָסן,
צום ראָוו אַ זאָג געטון מיט פּראָסטן לאָשן:
— זאָל יענער שטאַרבן, רעבע, ווער ס׳האָט עס געזען!
ווי פאַסט פאַר גאָט צו מאַסרים זוצושטיין,
ר׳קאָן זיך נישט אָן עצה־טון אַליין?!
און „דאַבעוועס" מיט אַ מיין:
— ס׳איז, רעבע, אומעטיק אין שטוב,
דאָס ביסמעדריש איז אַ קלוב...

— — — — — — — — — — — —

שטראָף, פאַר אַנדערע,
קעדיי אַליין צו לעבן, ווי די פּריצים!
פאַרוואָס ט׳מען יענע נישט געשטראָפט,
וואָס האָבן אַ מילכאָמע אויסגעטראַכט?!
זיי גייען פראַנק־און־פריי אַרומעט אויף דער וועלט,
גרייטן ווידער צו אַ „שפּיל" — שטיל!...
קיינער רירט נישט מיט אַ וואָרט!

— — — — — — — — — — — —

האָב איך ס׳גוטע יאָר, וואָס געשמאַקער איז געווען צו הערן



דעם סאָלדאַט אין מאַרק, איידער אים, דעם ראָוו!...

— — — — — — — — — — — — — —

געלעכטער...
ס׳לאַכן שניר, ס׳שמייכלען איידימס, זין, עס קוועלן טעכטער...
פון קינדער־מיילכלעך פליט דערשטוינט די פרייד,
ווי שוועלבלעך פון דער נעסט...
ביז איר בליק — ס׳רעדט די מוליערקע אין האַרץ:
— אַלטער קעלעוו, ער פאַרגעסט,
ווו ער האַלט אין דער וועלט... נישט בעסער ר׳איז פון זיי...
נאָר זי פאַרשוויגט, זי קען אים נישט פון היינט.
און פאַר זיין „גרויסן מויל" — אים פיינט...
הענגט פון אויג אירן אַ טרערל,
ווי אַ דריבנע פּערל,
ס׳רויכערט נעפלדיק איר בליק, ווי לייכטער אויסגעלאָשן...
און ס׳ציט דער מוליער הירש ווייטער זיינע רייד —
מיט פּאָנים אויפגעמאַרשטשעטן אין פרייד:
ביי מיר איז טייערער דער האָן
פאַר די, וואָס טוען אויף זיין העלדזל אָן
דעם רויטן מעדאַליאָן*
בענטשן אויף זיין פלייש מיט אַ מעזומען —
אַ פּאָהיבעל מעג אויף אַזאַ יוישער קומען!...

## אויף רושטאָוואַניעס

אויף רושטאָוואַניעס הויך — געזען האָב איך די ערד
גאָר ווייט, גאָר ברייט...
דעם הימל נאָנט געהאַט צום אויג, אין האַרץ — אַ פרייד!...
ליכטיק אינם קאָפּ, ווי ס׳וואָלט די זון אין שאַרבן אויפגעגאַנגען.
געשלאָגן קרעפטן אין די הענט, ווי זאַפּטן פון דער ערד — אין בוים...
בוי!... בויען איז דאָס לעבן!...

*) פּלאַסטישער פאָלקס־אויסדרוק אויף שעכטן.

אָן געבייען — ווערט דיַ וועלט אַ פּעִים !...
אָן אַרבעט וויאַנענען די הענט, ווי בלומען אָן אַ רעגן:
ס'וויאַנעט פרייד אין האַרץ, — הענט איז אַ פאַרמעגן !...
ס'האָט די קעלניע אויסגעהאַקט אין ציגל אַ געבאָט:
— ווער ס'אַרבעט — האָט !...
מיט קעלניע אין דער האַנט — ערלעך ס'לעבן און דער טויט !...
פון רושטאָוואַניעס — הויך — געקוקט אַראָפּ,
געשווינדלט האָט אין קאָפּ פון אַזאַ וועלט !...
אַזויפיל ערד, וואַסער, וואַלד און פעלד —
און מענטשן הונגערן —
„האָלינקע און באָסינקע"* — ערגער, ווי די הינט !...
אַ הונט כאָטש האָט אַ פעל, וואָס וואַרימט אים —
וואָס זאָל טאָן אַ מענטש, וואָס האָט קיין בעגעד אָנצוטאָן —
קיין האָלץ ניט און קיין פייער ?
ביידע זאַכן — גאָטס מאַטאָנע די אומזיסטע,
ביידע זאַכן דאַרף מען קויפן !
שטייט אין פּאָסעק דאָך:
„מאַלביש אַרומים" — שטייט עס אינם פּאָסעק נאָר !...
מענטשן פריערן ביז טויט פאַר קעלט,
ווייל זייער לייב איז נישט קיין פעלכל פון אַ הונט אַפילע...
און צו די עוויוינים זאָגט דער בוירע:
— נאַט, פרעסט**) !... כאַ-כאַ !...
(אַז-אָך-און-וויי איז צום געלעכטער !...)
מ'ראַנגלט זיך מיט ביסל יאָרן, וואָס געגעבן, ווי מיט כאַיעס-ראָעס...
מ'רירט פון זינען זיך פאַר צאַר אויף זיך אַליין,
קינדער סאַמט מען אין די בייכער, ווי די מייז...
מ'ליידט !...
ס'גייען פראָסטע הענט אין בענקשאַפט אויס צו פראַצע, פלייס;
ס'ציט דאָס לעבן זיך — אַ שוואַרצער פאָדעם..
וווּנדן רעדן שטיל אין האַרץ;

*) סלאַוויש, באַדייט: הויל און באָרוועס.
**) קאַלאַמבור; באַדייט אויך: נאַט, עסט!



ביי פריצים, נגידים — ווי די פערד אין שפאַן...
פון בריק און וואַסער, ערד אַ שפאַן —
אַ סאָף צו אַלע צאָרעס, צו דער וועלט !...
ניין, סי נישט קיין פלאַן !...
אויצרעס פון דער ערד — פאַר אַלע גלייך !
אָרעם, רייך, הונגער, זעט —
אַ וועלט צעריסן — נעם, פאַרנייי מיט שטאַרקע נעט !...
אויצרעס פון דער וועלט — פאַר אַלע גלייך !
וועט אָפּגיין קינע-סינע, ווי געשוויל,
און רינען וועט די פרייד — אַ טייך, צווישן פעלדער שטיל...

## דער פויער

ווייַנט דער פויער אויף זיין דאַרן ביסן ערד און ברויט;
וואַקסן דערפער אָרימע אין פעלד: זשאַלאַב, מאַדזשון, טראַבוך *)
ווי בראָדעווקעס אויף האַרטער הויט:
דער פויער האָרעוועט פון פרי ביז שפּעט,
קלעפּט אַ כאַטע אויס פון שטרוי און ליים,
ווי אַ שוואַלב — אונטערן דאַך איר היים...
בלענדט די אויגן פאַר אַ קינעלע אין וואַנט,
צווישן וואַלד און פליין אַליין...
זאַווערוכעס, ווינטן, וועלף;
שנייען — ביזן האַלדז, בלאָטעס — טיף ביז קני
גלייך מיט די פי !...
פריליג: גייט דאָס לעצטע ביסן אויף פאַרזיי;
זומער שטאַרבט מען פאַר אַ פעניק ברויט...
זאַטשירקע **), גראָז — אָט דאָס איז זייער עסן !...
אַ קראָשקע צוקער איז אַ יאָנטעוו !...

*) נעמען פון ליטווישע דערפער אין ווילנער קאַנט.
**) אַן אַבילע פון מעל.

קינדער פאַלן, ווי די בלעטלעך אינם האַרבסט...
מ׳טראָגט אין טרומנעלעך זיי פאַרן האַרץ...
אין מאַרק פאַרקויפט מען גאָר די מי פאַר אַ פּאָר שטיוול;
גראָשנס, איינגעקניפּלט אין פאַטשיילעס,
ווי אַן אויצער!...
גראָשנס פאַר אַן איי, טאָ וויפל אייער דאַרף מען אויף אַ הערינג?
וויינט דער פּויער אויף זיין דאָרן ביסן ערד און ברויט;
ער זעט:
ס׳שטייט דער קלויסטער צווישן קראָמען, ווי אַ האַר צווישן קנעכט;
ער זעט:
באַלקאָנען, הויכע פענצטער, גאַסן טרוקן געברוקירט,
ווי בייכער נאַקעטע — צעשפּרייט...
לאָמפּן — פולע דאַיניצעס מיט ליכט!...
מענטשן, אויסגעפּוצט אַפילו אינדערוואָכן!
זאַט, געלערנט!
זאָגט דער פּויער צו זיין שאָכן:
— פּונוואַנען — אַלץ?!
מ׳ליגט אין קראָמען, ווייכע בעטן, קאַבינעטן און מ׳לעבט!...
מ׳זויגט פון מערק, יאַרידן — דיקט מען און מען גרעבט!...
רייסט פאַרדראָס אין האַרץ, ווי אַ געשוויר,
פאַר פאַרלאַנגען צאָלט מען טייער!...
ס׳לויערט שטראָף — אַ כיטרע פוקס —
אויף די ראָגן — רוגזעדיק די ביקס...
פוסטעוועט די ערד — פּריצים קריכט פון האַלדז!
וואַקסן ווייסע שלעסער, כאַטעס זינקען אין דער ערד אין שנײ,
ווי קופּעס פוילע היי...
ס׳שעצט דער פּויער דעם, וואָס אַרבעט אָרנטלעך מיט זייגע הענט;
האַנדל-וואַנדל-דריי,
טוט דער קאָפּ נישט וויי!...
אַ שטיקל זייף זייפט זיך אין צוואַנציק הענט,
ביז עס דערגייט צום אָרימאַן אין שטוב,
(קרעמער שפּילן קאָרטן גאַנצע נעכט — אַ קלוב!...)



נישט געטראָפן, ווינט איך לעב, ס׳זאָל דער פּויער עפּעס זאָגן,
וועלן שלאָגן!...
איין גורל אויפגעבונדןביידן, ווי מיט שטריק;
ער — ביי ערד, איך — ביי ציגל, ליים...
פון שוויס—דאָס ברויט געגעסןביידע ביי איין טיש!...
רייצן פּריצים אָן אויף יידן, ווי אויף הינט,
הוליעט מען אין די מאַיאָנטקעס, ווי אין — וואַלד דער ווינט!...
אַלעמאָל געזאָגט:
— האָט דער פּויער, האָבן אַלע,
האָט ער גאָרנישט, האָט אויך קיינער נישט,
אַלע לעבן פונם פּויער, ווייל דער פּויער לעבט פון ערד...

## חוילטאָג

ווילטאָג, ווילטאָג, ווילטאָג, וויל מען און געניג!
פאַר ווילטאָג שלאָגט מען זיך, שילט מען, בענטשט מען — קלוג!...
דעם אָרימאַן שיקט מען אין קריג,
פאַר אים איז גרויס די שטראָף, דער יאָך,
די מוירע יאָגט אים, ווי אַ מויז אין לאָך...
אַ פיינער שוך, אַ רייכער בעגעד, די אַכילע —
דאָס איז גאָט, פאַר דעם-אָ טוט מען טפילע!...
פאַר פאָלגע* יענעמס לייג דיין קאָפּ!...
אַ וועלט אין שמאַטעס — זענען הערצער אויך צעריסן, ווי די שמאַטעס...

שיינע זאַכן אויסגעטראַכט:
מאַשינען, באַנען, ראַדיע, לעקטרע, טומאַבילן, אָרימפּלאַנען —
אַלץ אויף כאָרעוו-מאַכן, ברעכן,—שטעכן, פאַרגעניגן...,
ס׳רוישט, עס פייפט, ס׳הערט נישט אויף צו בראַזגען, קלינגען, יאָגן!...
נאָך פּראָפּיטן לויפט׳ן, פליט׳ן,
שלינגען שטאָכים פאַר רעוואָכים...

---

*) חוילטאָג



ליכטיק אין דער נאַכט, ווי העלער טאָג געוואָרן!...
א וועלט פאַראומערט — שילט די טעג פונם געבוירן...
אַ וועלט ברעכט פיס — צופוס — אין אומגיין זוכן ברויט!...
גאַנעוו, גאַזלען — אומעטום, אַלע ווייסן, אַלע — שטום,
קיין וואָר וואָרט אין מויל נישטאָ!...
מאַשינען זענען גוט, אוואַדע־יעי!...
מאַשינען בעטן נישט קיין ברויט, גייען נאַקעט — אָט־אַזוי...
מאַשינען קאָנען דינען און פאַרדינען
אַלעמען דאָס ברויט אין מאַזל־בראָכע!..
די ערד איז גרויס גענוג!
קלעקן קאָן פאַר אַלע: פרייד, אי ברויט, אי אַלדאָס־גוטס!
וואָלטן פויסטן אויפגעדריקט די פראָסטע הענט,
איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַ קלאַפּ אין טיש:
— גענוג!
אַזויפיל ליידיקגייער, פיאַניצעס, קאָרטנשפּילער, פרעסער־זויפער.
„פוילע באַנדע".
האָרעווע פאַר זיי און פיר פאַר זיי מילכאָמעס!

## מענטשן צו פאַרשטיין

אַ לעבן לאַנג — געזוכט די מענטשן צו פאַרשטיין,
ווי ס'טאַפּט דער פישער מיט דער וויאָסלע אָן דעם גרונט,
אַזוי דעם גרונט פון מענטשנס האַרץ געטאַפּט מיטן פאַרשטאַנד...
געזען:
פאַר מענטשן דאַרף מען זיין געהיט, ערגער ווי פאַר כאַיעס
אינם וואַלד...

אַ מענטש האָט סייכל און אַ צונג,
צונג שמייסט, ווי אַ בייטש...
כאַיע ווייס נישט פון רעוואָכים, שעקער גאָלד,
כאַיע וויל נאָר עסן!

זאַט דער בער —
זוכט ער רויב נישט מער,
דרעמלט אינם שאָטן, ווי אַ זאָקן...
געזען: ווער ס'האָט אַסאַך, וויל מער און מער,
ווער ס'האָט גאָרנישט — ווערט געווינט!
נעכטיק איבער מיט דער נויט —
ווערט מען צוגעווינט, ווי צו אַ העמד...
שווערע פראַצע טעמפּט דעם סייכל, ווי אַ קאָסע טעמפּט אָן שטיין...
צאָרעס מאַכן אַלט, אומעט, סאַמט דאָס האַרץ:
וועפּט זיך אויסעט האַס און קאַס, ווי מעד פון אָפּן פלאַש...
אין מויכעס — אויסגעדאַרט — גריזשעט טאָג — ווי — נאַכט
— זאָרג, זאָרג, זאָרג, זאָרג, ווי מייז אין קעלערן פאַרמאַכט...
ס'פאַלט דער ווילן אינם האַרץ, ווי אַן אָפּגעזעגטער בוים...
ליידט מען אָן אַ מאָס,
שווייגט מען, ווי דאָס גראָז;
קושן קנעכט די שטיוול פונם באַלעבאָס,
ווייסן האַרן — גווורע קנעכטישע פאַרשפּאַרן,
ווי אַ לייב אין שטייג —
— שווייג!...
זאָגן האַרן:
ביימער אין אַ וואַלד — אויך נישט גלייך!...
וועמען ס'איז באַשערט פון גאָט,
האָט!
ווער ס'איז שטאַרק, קלוג — שטייגט אַרויף — אַ שרויף!...
אָבער מענטש איז נישט קיין בוים!
מענטש איז פלייש און ביין,
מענטש קאָן וויינען, לאַכן און פאַרשטיין!
אַלע פון אַ מאַמעס שויס אַרויס נאַקעט, קליין!...
אַלע שטאַרבן סיי—ווי—סיי!
וואָס איז געלט אַקעגן וועלט? אַ שפּיי!..
פאַר טויטן אימיצן — אַ שטרענגער דין,
טויטן אין מילכאָמע — קאָשער,





ווי צעקוועטשן אויף דער ערד אַ שפּין!
אין גאַס היט מען מיט ביקסן, שווערד יווישער, רו;
יונגע קינדער קאַטעוועט מען
דורך מעס-לעסן,
וואָסי? — זיי ווילן עסן;
מ׳שלאָגט, מ׳בריט די טריט,
שרייען לאָזט מען נישט...
אַ בער אין וואַלד דערשיסט מען מיט אַ הייפל שראָט,
מענטשן — מיט האַרמאַטן, באָמבעס — אויסגעראָט!...

— — — — — — — — — — — — — — —

אַ הייסע טרוקעניש אין ברוסט דערשפּירט האָט מוליער הירש,
ווי ס׳וואָלטן רייד ס׳כּ׳עס אויסגעטרוקנט ווי די זון אין מידבער
טריקנט זאַמד...

זיך אָפּגעשטעלט. אַ בליק אין שויב;
ס׳רוט ס׳בייסאוילעם-וועלדל אין דער נאָנט — אַ שוואַרצער בער...
רויטע שיין אויף ראַנד פון וואָלקנס אויפגעשלאָגן, ווי אַ שוים...
אַלע אַרום טיש, פאַרגליווערט אין געהאָרך,
אַפילו קליינוואַרג שטוינט מיט מיילכלעך אויפגעריסן —
קאַרשן אויפגעשניטן...
ס׳בלאָנזשען בליקן אין געפּלאָנטער פון געדאַנק.
הערצער אויפגעשלאָגן פון צעצונדענעם פאַרלאַנג...
און ווידער נעמען שלאָגן רייד פון מוליער הירש,
ווי פון דער קרעניצע אין פעלד, אונטערן בוים...

## פּאַלעסטינע

ס׳טייענען באַלעבאַטים: — יידן, אַ פאַרשאָלטן פאָלק,
נישטאָ קיין היים, קיין לאַנד —
טוט יעדערער מיט זיי, וואָס אים געפעלט!..
מ׳שלאָגט, מ׳טרייבט, ווי הינט,



מ׳לעבט פון ווינט...
טייַנען באַלעבאַטים: — פּאַלעסטינע!..
דאָרטן — כיי, געלעבט!
דאָרטן וועט מען זיין מיט לייטן גלייך,
הערשן, ווי עס הערשן אַלע מיט אַ טאָלק...
אין ביסמעדריש ריידן רעדנער וועגן הייליק לאַנד,
ווו ס׳האָבן אָוועס אויסגעלעבט די יאָרן אין מענוכע,
שפייען, פלוכן
(ס׳ווילן זאַט-זיין אַלע אומעטום!):
אַהינצו זאָל מען פליען, לויפן, פאָרן
אין שוואַרציאָרן!...
יינגלעך, מיידלעך באַלעבאַטישע האַקן האָלץ,
זינגען שטאָלץ
פון פּאַלעסטינע,
ראַטעווען די וועלט מיט אַ צעזעגטן קלאָץ!...
רימען זיך דאָך באַלעבאַטים:
— אַ לויב צו גאָט, נישטאָ קיין באַלמעלאָכע
אין מישפּאָכע...
אַן עמער וואַסער פּאַסט נישט דורכצוטראָגן דורך דער גאַס,
מ׳האָט פאַראיבל
אויף פאַרשטויבטע שטיוול,
שוואַרצע הענט!...
איצט געשמאַק געוואָרן, איצט — שוין רעכט!
דאָרט, וועט׳ן טאָן, דאָ — שלעכט!...
מיט פושקעס גייט מען אום, ווי אויף לעוואַיעס,
מיט נעדאָוועס וועט מען אויסבויען אַ לאַנד,
נישטאָ, ווער עס זאָל לאַכן!...
וואָספאַראַ לאַנד? וואָס מיטנדרינען זיך דערמאָנט?!
ס׳איז עליע-שמיד געווען דאָרט,
פאַרגלוסט אַ קוק-טאָן, זען,
וואָס מאָנט מען אַלץ אין סידער מיט אַ ברען?!...
איז ער געקומען מיטן לעבן קוים צוריק,

דערציילט פאַר אַלעמען, אין ענגשאַפט אויפגעשפאַרט:
— לאַנד פאַרוויסט, שטיין, ביין, קליין...
מענטשן ווילד (קריג מיט וואַסער טראָגט׳ן אויף די קעפּ!...)
הייס — דערטרינקט מען זיך אין שווייס...
פאַרכעריי פונם געוויר, נישט ערגער ווי ביי אונז!...
אַפילו שטאַרבן דאָרטן טויג אין דרערד!...
קוואָרים האַקט׳ן אינם ווייסן שטיין,
דאָ ליגט מען אין ווייכן זאַמד דאָך, ווי אַ פּאָרעך!...
ס׳צלטערט זיך די וועלט צוזאַמען מיטן מענטש —
מאַלע-וואָס געווען אַמאָל אַן אייגן לאַנד!...
כאַלוימעס זיינען גוט אין שלאָף,
צו לעבן מיט כאַלוימעס איז אַ שטראָף, צעלאָכעס...
כיי וואָלט סענדער פון אַפּטייק אַהינצו פאָרן?
רירט זיך נישט פון אָרט! ס׳פעלט אים דאָ, קאַדאָכעס!?...

## קינדער אויף דער וועלט

האָט מען נישט קיין לאַנד,
האָט מען דאָך דערפאַר די גאַנצע וועלט!...
נישטאָ קיין הויז, קיין טיר,
וואָס זאָל קיין קינדער אויף דער וועלט נישט לאָזן!..
זיינען מיינע קינדער אויף דער גאָרער וועלט צעשפּרייט,
נישטאָ אַן אָרט, וווּ ס׳זאָל דאָס האַרץ נישט שלאָגן!...
בענקשאַפט רייסט דאָס האַרץ צו אַלע ברעגן, וועגן!..
נישט-גוט, זיך אָפּצורייסן פונם אָרט —
מ׳איז פון קינדווייז-אויף געוווינט,
צעשיידן לעבעדיקערהייט מיט ווייב און קינד,
מיט טאַטע-מאַמע...
איז שולדיק ווער? ס׳האָט איינער גאָר,
דער צווייטער וואָגלט-אום אין וועלדן אומעטום,



ווי אַ ציגיינער...
קינע-סינע, טרייבט מען פון דער היים...
קנאַפּ ברויט פאַר אַלע דאָ פאַראַן? —
אַ טאָלק אַ פיינער!...
— — — — — — — — —
פאַרטאָג. גערעגנט.
זיך געזעגנט.
געריסן האָט דאָס האַרץ, אָט ווי אַ ווונד,
אויף קלומיקעס אין וועג,
אויף טשעמאָדאַנעס, ווי אויף פליגלען,
אָפּצופליען איבער וואַסערן פונדאַנען...
בלוט גערונען פון די אויגן, נישט קיין טרערן...
לעבעדיקערהייט צעשיידט... מ׳וועט זיך מער נישט זען...
צעריסן ווערט דאָס האַרץ אויף אַלע שיווע-יאַמען
(נישט קיין גרינגער ביסן פאַר אַ מאַמען!) —;
פאַר די אויגן זע איך זיי, מ׳רעדט צו זיי אין שלאָף...
און בריוו — אַ נעס —
וואַרימען דאָס האַרץ, ווי אַ קאָמפּרעס...
פאָטאָגראַפיעס אויף די ווענט —
דוכט מיר, אַלע דאָ פאַראַן אין שטוב...
פאַרטאָג. גערעגנט.
זיך געזעגנט.
אָנגעזאָגט: — פליט נישט אום, זיצט-איין אויף אַן אָרט!...
אומעטום—איין וועלט!
אומעטום באַדאַרפמען לעבן פון דער „סצירע פּראַצע",
פיינט האָבן הולטייעס, אַ געוויר...
ווו מ׳אַרבעט — איז די היים,
ווו מ׳לעבט די יאָרן אויסעט — איז דאָס לאַנד!...

## טאַנאַך

ווידער — באַלעבאַטים ווילן אַלץ: טאַנאַך!
לאָשן-קוידעש איז די שפּראַך...
דאָס, וואָס איך, וואָס דו, וואָס איר, דער שול-הויף רעדט —
נישט ווערט צו האַלטן גאָר אין מויל!...
יינגלעך, מיידלעך — בלויע היטעלעך, אַ ווייסער פּאַס —
דרייען זיך אין גאַס, ראַטעווען די וועלט,
דעם טאַטן מיט זיין קראָם
מיטן „שאַלאָם"!...
זאָגט מיר מוישע-ביאָמען
(ער קאָן לערנען, ער קאָן טוירע!):
— שיידים-ווייסן, וואָס זיי ווילן מיט די מאָגן-דאָווידס?!...
סי גוט אַ לאָשן-קוידעש וואָרט אין כומעש, אין טאַנאַך,
אַן אַווירע — ריידן וועגן פּוסטע זאַכן אויף דער שפּראַך...
זאָג איך:
— שפּראַך-שמאַך!...
מ'רעדט זיך פיין און שיין צונויף,
פעלט קיינמאָל נישט אַ וואָרט צו עפענען דאָס האַרץ!...
קינדער ריידן אין די בריוו פון אומעטום,
קינדער לערנען זיך אין קלאַס,
מ'לייענט ביכלעך און אַ בלאַט,
גלאַט —
נעם, רייד, ווי יִצכאָק, יאַנקעוו און אַווראָם!...
ס'פּאַסט זיי נישט מיסטאָם,
ס'רעדט דער שול-הויף, ס'רעדט די גאַנצע וועלט!...
ריידן קרעמערקעס מיט קינדערלעך אין גאַס:
— יאַנקעלע, טרינקעלע מאַש!...
ס'פּוסטש די מייטעטשקעס און ניע זראָב נאַס *)!...

---

*) סלאַוויש. יאַנקעלע, נאַ דיר אַ טרונק, לאָז אַראָפּ די הויזלעך, מאַך ניט נאַס.



פּע, כאַלאָשעס, ס'קערט דאָס האַרץ!
רוק זייער קאָפּ —
טראַכט מען אויסעט לענדער, שפּראַכן-שמאַכן,
אַלע קלאָגן!...
קויפט מען „שיינע איידימס", ווי אַ סכוירע,
האַנדלט מען מיט זין שטודדירטע...
נאַרט מען אין די קראָמען פויערים, דעם אָרימאַן —
אויף אַלץ פאַראַן!...
זיצט מען אויף יערושעס, ווי אומפּלייט,
פּאַרטיקערהייט...
וואַרמעס שפּעט געגעסן—נישט ווי שוסטערוקעס, שניידערוקעס...
אין אָפּטריט לאַנג פאַרזעסן—נישט ווי שוסטערוקעס, שניידערוקעס...
לאַכט זיך אויס פון זיי און לאַכט פון זייער קאָפּ!...
געצייג אין האַנט — טו, מאַך, בוי...
געלערנט, אָט ווי זיי...
יונגאַטשעס — יונג,
אַ וועלט פאַר אייך אין לעקטערע, ווי זון,
אַ וועלט — זי זעצט זיך, כאַפּ זי, ווי אַ לייגנדיק הון...

## גליענדיקע וואָך

פאַרענדיקט זיינען רייד פון מוליער הירש.
געבליבן זיצן איז מען אַרום טיש,
באַנומען, ווי פון צויבער...
צעפלאַקערט הערצער פון די רייד, ווי פאַקלען אויפן ווינט...
מ'האָט זיך אויפן אַלטן טאַטן נישט געריכט!
געמיינט: ער ווייס נאָר—פרי אין בעט זיך לייגן, ווי אַ שטיין,
מיט באַגינען (אויף דער עלטער) צו דער אַרבעט גיין...
שטעכן איידימס, זין בליקן שאַרפע אין די ווענט,
אָט ווי פאַרשעמט —



ווי ס'וואָלטן ווענט מאַכשאָוועס צוימען צו דער וועלט...
זיין בליק פון שווער נעמט נישט אַראָפּ
דער איידים פונם יִשעוו, יאָסל...
ער איז פאַר אים, אַ הויכער באַרג, אין וועג געטראָפן...
צעוואָרפן זיצט ער ביי דעם טיש, אָט ווי אַ קיטע היי,
און ס'ברומט אין אים: — אַזוי, אַזוי...
אַזוינע כעוורע, גוט צו וויסן !...
שלאָגן רייד אין הערצער אָפּ,
ווי אין קוזניע — האַמערס אויף צעגליטן אייזן...
איצט דערפילט: ס'וועט דאָס לעבן נאָך אַסאַך באַווייזן,
זיין וועט מען אין סאַמע ברויזנדיקער מיט...

— — — — — — — — — — — — — — — —

גראָער שאַבעס, ווי אַ שטומע שאָף,
לאָזט זיין מידן קאָפּ אַראָפּ אויף שוועל פון האָריזאָנט,
פאַלט די זון אויף האַלדז פון שאַבעס,
ווי אַן אָנגעגליטע האַק, —
שאַבעס-קוידעש ליגט געשאָכטן...
ס'האַלטןביימער קרום-פאַרקראַמפּטע צווייגן
איבער וועלקנדיקע קעפּ פאַרפלאָכטן...
צינדן לאָמפּן זיך ביים ברעג פון טייך
(אינם הימל שמילקען שטערן)—;
פויזעט שיין צו אָפּגרונטן, ווי רויטע שלאַנגן,
נאַכט צום גרונט געבונדן, ווי מיט פייערדיקע שטריק...
גליענדיקע וואָך האַלט וועלט געסטשעמעט, ווי אין צוואַנגען...
ס'רייסט, עס רייסט אַ רויטע מאַקע — די לעוואָנע —
אויפן מיזרעך אויפגעגאַנגען...
ס'ראָיען שטערן זיך, ווי ווערים...
ס'מישט די וואָך אין מאַרק
מיט פינגער טרוקענע, פאַרדאַרט —
שיימעס בלעכענע פונם צעפליקטן
האַנדל-וואַנדל-שווינדל-סייפער — אָפּגעבליבן...

ס'שמייכלט טרויעריק די רויטע קו מיט האַק אין אירע ציין
צו פינסטערניש — פאַרוויינט...
שטיל. ס'שאָרכן שאָטנס אינם מוליערס שטיבל
אויף די ווענט, ווי זיידנס אויפן לייב...
ס'שפּילט זיך שאַרע שאָ מיט הערצלעך קינדערשע אין ברוסט,
ווי אַ קאַץ, מיט קניילכל באַנוול פלינק אין לוסט...
קוקט וואָך אין שטיבעלעך אַריין מיט גליענדיקע אויגן, ווי אַ וואָלף...
פלוצים צאַפּלט די עלעקטריע
אויף דער סטעליע, אויף די ווענט;
ס'גיסן דראָטן גליאיק-וויסן כּיעס אין די אָדערלעך פון לאָמפּ...
צאַפּלט שיין — אַ ווייסער שמעטערלינג אין לאָמפּ אַריין...
אויגן וואָכיק-וואַך.
בליקן שטעכיקע, צעוואָרפן אויף דער ערד, ווי נאָדלען...
הייבט דער מוליער הירש די הענט אַקעגן לאָמפּ,
ווי ר'וואָלט האַוודאָלע וועלן מאַכן אויף עלעקטריע,
און ער זאָגט מיט אויפגעלעבטער שטים:
— אַ שיינע וועלט! אַ קלוגע וועלט!...
ווי לאָזט מען איבער אַזאַ וועלט?!
ווי ווערט מען יינגער כאָטש אויף פערציק יאָר?...
אַזויפיל וווּנדער מיטן סייכל אויפגעטאָן דער מענטש:
דראָטן שפּילן,
דראָטן ריידן,
דראָטן זינגען,
דראָטן גיבן פייער!...
זיך געשטעלט, אַרויס אינמיטן שטוב,
אַ וויג דעם ברייטן, נידעריקן גוף, אַ זאָג:
—איר גייט אַוועק, אַ שווערע, לעבעדיקע וואָך גייט אייך אַנטקעגן...
וויל איך, איר זאָלט צוזאָגן:
קומען דאָ, אַהערצו, אַלע פאַר מיין טויט...
נישט וויינען, פרייען זיך!...
לעבט אַן אַרבעטער אין פּראַצע אויס די יאָרן,
דאַרף אַ יאָנטעוו זיין!...

ניִשט מוירע פֿאַרן טויט, מ׳וועט נישט שמייסן „דאָרט״,
וואָס מ׳שמייסט, ווערט דאָך צעפוילט!...
און כ׳וואָלט געוואָלט: באַגראָבן ליגן אין אַ קאַסטן
פון די ברעטער, אויפן הויף,
(צו ליגן טרוקן האָב איך „דאָרטן״ אויכעט האָלט!..)
און כ׳וואָלט געוואָלט: ס׳זאָלן די יונגאַטשעס פון „רעגיע״ *)
מיר צושפילן אַ מאַרש נאָך דער לעוואַיע...
האָלט זייערע שפילן, זיי׳רע גענג!...
און מאַכט אַ פאָטאָגראַפיע פון אָטאָ-די הענט,
צעהענגט אויף איי׳רע ווענט,
צעשיקט די קינדער אויף דער גאָרער וועלט,
זאָל אַ צייכן זיין פון אַלטן טאַטן
ה י ר ש
ד ע ם
מ ו ל י ע ר !...
האָבן טעכטער זיך געטאָן אַ וואַקל פון די רייד,
ווי שיפן...
קינדער—אויפגעהערט צו רוישן, שטיפן...
איידימס, זין,
געקוקט אַהער-אַהין,
געצופט די האַרטע בערדלעך, ווי די לעמעכס...
די קראַנקע מוליערקע געוויינט האָט, ווי אַ קינד:
— ר׳איז שוין גאָר מעשוגע, ווייס שוין גאָרנישט, וואָס ער וויל.
און מוליער הירש געהאַלטן הויך האָט זיינע
ה ע נ ט,
ווי לוכעס צוויי,
געקוקט, געלאַכט צו זיי
מיט ליבלעכקייט, מיט שטאָלץ,
ווי ס׳לאַכט אַ פאָטער צו זיין קינד...

1932/33

*) „רעגיע״, פאַרגרייזט פון „בילדגעז״. בילדונג-געז. אין שטעטל.



# אָרימע היים

## אין דער פרעמד

דרעמלט אויפן לייב דאָס לייוונטענע העמד,
וואָס מיטגעגעבן האָט די מאַמע אויף אינדערפרעמד...
כאָלעמט זיך דעם העמד: אַ מולטער, וואַסער, זייף —
ס׳וואַשט די מאַמע גרעט ביים שאָכן אויפן הויף...

כליפ-כלאַפ-כליפ — ס׳רייבט די מאַמע הייס,
קאַפּעט טרער-נאָך-טרער פון איר אויג אַרויס:
„ווי וועט ער דאָרט לעבן, אין דער גרויסער שטאָט,
אַז ער איז דאָך קראַנק און ס׳איז גרויס די נויט?״...

ציטערט-אויף דאָס העמד פון דער מאַמעס טרער —
ס׳איז געוועזן אַ כאָלעם און מ׳אָטעמט שווער...
רעדט מען אינם שלאָף רישעס אויף דער וועלט
און ס׳ראַנגלט זיך דאָס העמד מיט אַ שטייפער קעלט...

„עלנט אויף דער וועלט און דערצו נאָך — שלעכט,
ביי דעם הונגערס שוועלן וויינט מען אין די נעכט...
ס׳איז דאָ אינדערפרעמד דער וועג אַ וואָרם-וועג,
אויף שטיינער-טראָטואַרן בלאָנדזשענען די טעג״...

שרייבט די מאַמע: שיק, מיין קינד, דאָס ברודנע העמד,
וועל איך עס אויסוואַשן — שיק אינדערפרעמד...
האָט מען מוירע... מאַמע, (ס׳ווייסט דאָס העמד אַסאַך),
זאָל עס נישט דערציילן פונם זון אין קראַך — —

1927

## היימישער בריוו

אונזער קראנקער ברודער, בינסט פון אונז אַוועק—
ביז דיין ליבן קומען ציילן מיר די טעג...
ס'איז ביי אונז אין שטעטל שטיל און שטיל און קאַלט —
טאַטע-מאַמע זענען שטאַרק געוואָרן אַלט...

אונזער קראַנקער ברודער, שרייבסט נישט, וואָס דו מאַכסט ?
ס'קרעכצעט אָפּט די מאַמע און זי וויינט ביינאַכט...
מיר האָבן שוין פון לאַנג געוואָלט ביי דיר וואָס בעטן:
שרייב, צי איז אַן עמעס, אַז דו שרייבסט אין גאַזעטן ?...

אונזער קראַנקער ברודער, מ'רעדט אַזוי אין שטאָט —
מיר ווינטשן דיר געזונט און זאָל דיר העלפן גאָט...
פרייטאָג אינדערפרי האָט מען דיין בריוו דערהאַלטן —
ס'האָט דער טאַטע אים אין כומעש פאַרבאַהאַלטן...

אונזער קראַנקער ברודער, ס'איז ביי אונז אַ פרייד !...
צי ווייסטו פון דיין שרייבן כאָטש פאַרדינען ברויט ?...
וואָס איז דאָס אַ דיכטער ? — פרעגט ביי אונז די מאַמע ;
ענטפערט איר דער טאַטע : — דער, וואָס שרייבט מיט גראַמען...

אונזער קראַנקער ברודער, דער טאַטע שרייבט צו דיר :
אַ זון איז אויפגעגאַנגען פאַר פרייד אין האַרץ ביי מיר — — —
שרייב מיר, ליבער זון, צי בינסטו טאָמיד זאַט...
יאָ, פאַרוואָס פאַרשטיי איך נישט, וואָס דו שרייבסט אין בלאַט?..

אונזער קראַנקער ברודער, דער טאַטע אַרבעט ווידער —
קומט ער פון דער אַרבעט שפּעט און אַ טויט-מידער...
מיר האָבן היינט געוואָלט פאַרקויפן אונזער קו —
וויל די מאַמע וויסן : וואָס זאָגסטו דערצו ?...

אונזער קראַנקער ברודער, זע — זאָלסט נישט פאַרגעסן :
צו פרעגן ביי דעם דאָקטאָר — צי מעגסטו אַלץ שוין עסן ?...



ביילע-ליבעס מיידל בענקט שוין שטאַרק נאָך דיר —
זי בלאָנקעט יעדן טאָג אַרום דער גרינער טיר...

אונזער קראַנקער ברודער, קום שוין, קום אַהיים —
ס'איז ביי אונז שוין יאָנטעוודיק, אומעטום — ריין...
שרייב לימאַנישעם, ווען דו קומסט פון דאָרט
וועט מען אויף צו שלאָפן דיך אָנגרייטן אַן אָרט...

1927

## מאַמעס

עס קאָנען נישט מאַמעס באַנעמען מערכאָקים,
ווי ס'קאָנען נישט שעפּסן באַנעמען אין שעכטהויז דעם בלאַנק
פון כאַלאָפים ;
עס קייקלען זיך טרערן אַריבער פאַרפאַרמעטע באַקן
נאָך קינדער, וואָס זענען פאַרפלויגן אויף מיילן אַלאָפים.

עס זיצן די מאַמעס ביי הילצערנע טישן, פאַרבויגן אין קאָרטשן,
אויף בויגעלעך בלייכן פאַפּיר, ווי אויף טרייסטנדע טכינעס ;
אַ בריוו פון די קינדער — אַ לאַטע אויף לעכערנעם האַרצן,
און ס'זאָגן און זאָגן די מאַמעס די בריוו, ווי די קינעס...

און ס'טונקען די מאַמעס מיט אָפּשיי די פעדערס אין טינטער
און ס'קריצן די פעדערס, פאַרזשאַווערט אין שוואַרצקייט און שימל;
— „קינדערלעך מיינע, עס גייט שוין דער וויפלטער ווינטער" ?..
און ס'טראַכטן און טראַכטן די מאַמעס: ווי דרייט מען די גימל ?..

...„אַז צעדרייט זאָלן ווערן די הענט פון די אַלע, וואָס האָבן
די שיפן געטריבן,
ווי ס'זענען צעדרייט אונז די קעפּ פונם טראַכטן און קלערן"...—
אַזוי האָבן מאַמעס צו זייערע קינדער געשריבן
און האָבן געמיינט, אַז עס זיצן די קינדער און הערן...

....„קינדערלעך מײנע, װי שלאָפט איר אין אײערע בעטן ?...
און װי איז מיט ברויט — צי באַקט מען אַלײן, צי איר קויפט?"...
און ס׳טועו די מאַמע סס׳פּאַפּירענע בײגעלע גלעטן
און ס׳פרעסן די הערצער, װי אין די שרובשטאַקן פאַרשרויפט...

עס קאָנען נישט מאַמעס באַנעמען מערכאַקים,
װי ס׳קאָנען נישט שעפּסן באַגרײפן אין שעכטהויז דעם בלאַנק
פון כאַלאָפים ;
עס קײקלען זיך טרערן אַריבער פאַרפאַרמעטע באַקן
נאָך קינדער, װאָס זענען פאַרפלױגן אויף מײלן אַלאָפּים...

1923





# אַין פעלד

## פרילינג

דורכגעבלעטערט האָט אַן אומזיכטבאַרע האַנט דאָס װײַסע בוך
פון װינטער-טעג,
און פרילינג אָטעמט אין דער לופט מיט װאַרעם-מילדן הויך...
ס׳פּיקט די ערד אַרויס זיך פון אונטערן שנײ
און שפרײט די בערג, װי אָדלער-פליגל אויס בײם האָריזאָנט —
װי אויסגעמוטשעט — הענגען לויזע װאָלקנס נידעריק אין פעלד,
און לאָנקעס און אירזשיסקעס — פונם שנײ פאַרהיט פון פאַראַיאָרן —
שלאָגן פונדערװײַט מיט גרינלעך-געלן בליאַסק...
און דאָ-און-דאָרט, און נאָענט — װײַט
די בײמער אײנזאַם — אײנצלנע אין פעלד זיך צײכנען אינם
נעפּל שװאַרץ,
און װעלדער-ראַנדן פון די האָריזאָנטן שטײגן-אויף, װי בלאָ-
געדיכטער רויך...

ס׳טוען פרילינג-נעכט אַ קישעף אָפּ מיט בוים, מיט פעלד און ערד...
אין רעגעס, אין מינוט — ס׳קומט די אויפלעבונג אויף אַלץ,
װי דורך אַ צױבער-שפרוך...
גענעזן ליגט די ערד. און מיט מיליאָנען בלימל-אויגן פון אונ-
טערן שנײ —
גליקלעך קוקט זי צו דעם הימל אינדערהויך,
װו ס׳פליוסקעט אין דער בלויקײט זיך די זון,
װי אַ נאַקעט קינד אין מולטער בײ דעם באָדן...

אויף אָפּגעדאַרטן בוים אין פעלד דער בושל האָט זײַן נעסט פאַרריכט
(ס׳פאַרגעסן בושלען נישט די אַלטע היים...) ; —

זיצט די נעסט אויף אָפּגעדאַרטן בוים, אַט ווי אַ דערנער-קרוין...
און שוועלבלעך — בלוילעך-שוואַרץ — קנעטן אין די שנעבעלעך
די ווייכע ערד
און קלעפּן נעסטן אויס אונטער די שטרוי-ראַנדן פון דעכער—
אויסגעקרומט...

...און ס'עפּענען די צווייגן קנאָספּן אויף,
ווי פייגל הונגעריקע — פּיסקעס אין דער נעסט...
רוקן בלעטלעך זיך אַרויס, ווי צינגלעך צאַרט...
ווערן ביימער פּוכיק-גרין און ס'דאַכט:
ס'האָט די זון די צווייגן אָנגעצונדן — ליכט...
ברענען ביימער מיט אַ גאָלדן-גרינעם פלאַם
און קינדער באָרוויסע שטרעקן הענטלעך אויס צו זיי
און טאַנצן אַרום ביימער מיט געשריי...

און אַז עס ווערן שטאַלן פול מיט בענקענדיקן מרוקען פון די שאָף,
מיר פאָרסקען הייסן פון די פערד...
און אַקער-שטאָל אויף בוידעם צינדט זיך אָן פון זון —
דאַן פלאַצט די לוסט אין פויערס האַרץ צו מי אין פעלד, ווי
דער גראַנאַט אין שלאַכט,
און פאָרכטיק שטייט ער אין דער שטאָל און שאַצט אין מאַרך
דאָס מיסט,
וואָס זעצט אין ברוסט מיט פעטקייט און געשטאַנק...

## דאָרפישער אָוונט

אַ טאָג האָט זיין נעשאָמע אויסגעהויכט אויף שפּיגל-פלאַך
פון אָזיערע.

און ס'האָבן טעכטער דאָרפישע צעצונדן צווייגן טרוקענע
אויף גערטנער-שויסן נאַקעטע, אַ לעפל „וואַרימס" אָפּצוקאָכן
פאַר די טאַטעס-ברידער, וואָס זענען פון פעלדער געקומען מיט
קאָסעס און גראַבליעס, מיט לייוונטענע העמדער און הויזן, אויס-
געגעצטע אין גראָזיקע זומפּן.



און ס'זענען געלאָסענע רויכן געשטיגן פון פייער, גענידערט צו
טווילע אין דרעמלענדן אָזיערע-וואַסער.

האָט איינער אַ פויער, וואָס איז, ווי אַ ווערבע, פאַרמאַ-
טערט געשטאַנען ביים מאָכיק-געפלאָכטענעם פלויטל — געבליקט
אויפן הימל און ערנסט גערעדט, ווי צו זיך:

„ס'וועט רעגענען מאָרגן, מיסטאָמע"?... און ביינע-לעביינע
דערפילט, אַז עס שמעקט שוין מיט רייעך פון פרישן געקעכץ
און ס'רינט אויף דער צונג, ווי אויף קאָסעס דער גראָז-זאַפט.

ברומט ער, דער פויער:

— וואַרוסיע, שוין פאַרטיק, צי וואָס? שאָקלט זיך פלאַק-
סענער קאָפּ פון דער טאָכטער:

— שוין פאַרטיק! — און זי טראָגט, אַ צעפלאַמטע, צום
טאַטן די ליימענע שיסל, וואָס דעמפט מיטן הייסן געקעכץ, ווי
אַ פייער-שפּייענדיק בערגל ביי איר אין די הענט.

ווי אַ קראָ, האָט די נאַכט אויף די דאָרפישע דעכלעך
צעשפּרייט אירע פליגל. איימע און שאַלווע.

פון ווייטן דער וואַלד — ווי קריע-געריסן אין טונקעלע
הימל-יעריעס.

און וואָלקנס, ווי שווערע פאַרבונדענע זעק — צעלייגט
אויפן הימל.

— ס'וועט רעגענען מאָרגן, מיסטאָמע? — געקלערט האָבן
פויערים זאַטע און האָבן זיך פוילע געשאַרט צו די הילצערנע
בעטן — צעכראַסטעט — אין ווינקלען פון ענג-פאַרנע כאַטעס.

1926

## באַגין

אין גרינעם פוך פון גראָז, אין נעסט פון בערג — אין ווייט —
פון רויטן הימל-שאָל בריט-אויס באַגין די זון...
ס'פאַרנעמט די ערד, ס'פאַרנעמען פעלדער, וועלדער, סאָד און סטאַוו,

ס׳פֿאַרנעמט די אָזיערע ביים וואַלד דעם שטילן, פֿרישן אָטעם פֿון
באַגין...
און בערגלעך רונד-אַרום זיך טשוכענען אין שיין, ווי קעמלען
אין דער מידבאָר.

פֿול מיט מישקאָן-רו דאָס גאַנצע פֿעלד!...
ס׳רוען לאָנקעס אינם מירמל-גרויען טוי געהילט און שלאָגן פֿונ-
דערווייט מיט נעפּלדיקן גרין...
די טווע-קאַסטנס — גאָלדן-גרין — אַרום דעם וואַלד צעשטעלט,
דער וואַלד — אַ לעצטער טרוים דער ערדס, וואָס וואָר געבליבן
איז פֿון קורצער זומער-נאַכט...
אַ שפּיגל אָנגעגהויכט — די אָזיערע געפּאַסט אין ראַם פֿון בלוסטש—
און ס׳צאַפּלען, ווי די פּיאַווקעס, הויכע סאָסנע-שטאַמען אינם וואַ-
סער — טיף,
און ס׳איז איר גרונט: דער ראָז און בלוי געוועלבטער הימל פֿונ-
דערהויך...

שמייכלענדיקע שאַלווע פֿון באַגין!...
ס׳שלאָפֿט נאָך שפּין און בין;
און שמעטערלינגען אַלערליי נאָך זאַמען אינם קישעף פֿון דער
רו אויף פּייכטע בלאַט און בלום...
נאָר וואַך זענען די פֿייגל אינם וואַלד מיט הילכיקן געזאַנג און
שטיף פֿון בוים-צו-בוים;
נאָר וואַך — די בושלען אויף איין רויטן פֿוס —
אויף ראַנד פֿון צווייגן-נעסט אויף אַלטער ראָד — דערשטוינט..
נאָר וואַך—די שאָף, מיט העלדזער, ווי טרומייטן, צו דער ווייט
צעשאָלט,
וואַך—די אויפֿעס אינם הויף צעקרייט, צעקאַרקעט בעקאָל-ראָם
און וואַך — דער הונט, אויף קייט צעקלונגען און צעשפּרונגען
אין דער הונגריק-שטיפֿערישער לוסט...

— — — — — — — — — — — — — — —

די שוואַלבן — קויליק-שוואַרץ — מיט ווייסע פֿעדערן-וועסטלעך
אויף ברוסטלעך זיידן-גלאַט,
מיט דינע פֿעכער-עקעלעך — צעשפּרייט —



טאָטשענען די הויכן מיט געצוויטש
און דרעלעווען, אָט ווי מיט זילבער-עגבערלעך, די לופֿט
און צוקן האַרט איבער דער אָזיערע אינם געפֿלי, געשטיף
(ס׳האָבן שוואַלבן שטיפֿן ליב, ווען ס׳וואַכט נאָך נישט דער מענטש...)—
און פֿישלעך — זילבערן-פֿינקלענדיק אין זון —
זיך קוליען צאַפּלדיק איבערן וואַסער-פֿלאַך נאָך זיי...

— — — — — — — — — — — — — — —

רויִק-ראַכוועסדיק די גאַנצע ערד!...
דער סאָד — אויף באַרג — צעבליט, גלייך ווי באַשנייט,
צווישן לאָנקעס — זיידן-גרין — צעשפּרייט;
דער הימל הויך צעלאַכט, גלייך ס׳וואָלטן זון-שטראַלן געקיצלט
באָרוועס זיינעם ביי דעם האָריזאָנט...
דער מיזרעך-ראַנד אין זריכע-גלוט איז אַ מיזבייעך-לאַנג, ווו
ס׳אָפּפֿערט זיך די זון פֿאַר אויסלייזונג פֿון טאָג,
אין ווייסע קיטלען די בעריאָזעס, אויסגעשטעלט אין פֿעלד,
און ס׳רויכערט זיך דער טוי, ווי ווייררויך, אויפֿן גראָז.
זאַלבט באַגין מיט פֿריידיקער מענוכע ערד און פֿעלד,
און אַלץ זיך באָדט אין טוי, וואָס רינט פֿון צווייג און בלאַט,
און אַלץ זיך טויוולט אין דער שיין,
וואָס קוואַלט פֿון אומעטום (און פֿון דער זון), —
און אַלץ פֿאַרטון איז שטום, געהיימניספֿול מיט זיך אַליין,
גלייך ווי אַ זאַט-צופֿרידן קינד ביים שפּילן זיך,
און אַלץ אין שמייכלענדיקער רו פֿונם באַגין גייט-אויף:
אין הויך,
אין ווייט...

## רעגן

אין טרוקעניש פֿאַרשמאַכט — די פֿעלדער אין דער היץ
מיט בלאָנדע זאַנגען-קעפּ אַראָפּגעזונקט;
אין אָנמאַכט קוים דער וואַלד צעפּירט די צווייגן-הענט

און וויגט די שאָטנס אויף-און-אָפּ אויף אויסגעברענטן גראָז...
פאַרכאַלעשט, מיד — די ערד ליגט — אָפּגעלאָזט — אין דורשט,
אַלץ האָרכט פּאַרטאַיעט-שטום, אַלץ וואַרט, ווי אויף אַ נעס...
די אָזיערע אין גראָז — פאַרשלאָפן, פויל אין רו,
און ס'שיט דאָס זון-פייער זיך אויף איר וואַסער-פעל מיט פאַר-
ביק-פינקלענדיקן בלענד...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

נאָר ס'קאָן דער הימל מער נישט צוזען ס'שמאַכן פונם פעלד;
באַלד ווייזן וואָלקנדלעך זיך ווייט אויף הימל-ראַנד,
גלייך שוואַרצע פייגל פון די בערג אינם געפלי,
וואָס פאָכן מיט די פליגל פון דער הויך אַראָפּ און לעשן —
ביסלעכווייז — די היץ אויף פעלד און ערד...
מערן כמאַרעס זיך, און ס'ווינטלט קוים-פאַוואָליע איבער גראָז
און קאָרן-יאַם;
כוואַליען גראָזן, זאַנגען אויף — און ווינט אַנטלויפט פון פעלד
איבערן וועג
און ס'יאָגט אַ שטויב אים נאָך אין ווירבלדיקן דריי...
ביז ס'רייסט דער ווינט זיך אויף-אַרויף
און פאַקט די זון אַריין אין כמאַרע אויפגעבלאָזענער, ווי אין
אַ שוואַרצן זאַק;
דערפרייען פעלדער, וועלדער זיך
און גראָז-צו-גראָז,
און זאַנג-צו-זאַנג
און צווייג-צו-צווייג —
אַלץ נויגט און קושט זיך מיט אַנאַנד — דערפרייט...
ביז ווינט איז ווידער דאָ אין פעלד
(ס'ליגט די זון אין כמאַרע נישט אויף שפּאַס !...),
און וועקט די זאַנגען, גראָזן אויף אינם געאייל,
ווי ס'וועקט דער פאַסטעך אויף די סטאַדע פאַר געוויטער,
און ס'כוואַליען ראַש די לאָנקעס, פעלדער אויף מיט גאָלדן-
גרינעם שוים,
און ס'פּאַטשט די אָזיערע די ברעגן מיט גערויש,



ווי ס'פּאַטשט אַ מאַמע אין געזעסל פון איר קינד...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ביז ס'צוקט אין אויגנבליק אַ בליץ, גלייך ס'וואָלט דער ווינט
דאָס פעלד געציילעמט — פרום,
און ס'ברומט דער דונער פון דער הויך,
גלייך ס'וואָלט דער הימל „בראָכע מאַכן" אויפן סאָד,
און טוועס,ביימער, גראָזן נויגן טיף זיך מיט גערויש,
און ס'שנורט דער רעגן פלוצים פון דער הויך אַראָפּ,
בויגט דאָס קאָרן-פעלד זיין גאָלדן-בלאָנדן קאָפּ,
ווי אַ קינד, ווען ס'צוואָגט די מאַמע אים מיט לוסט,
און בלימעלעך מיט דורשט זיך עפענען אין גראָז,
און וואַסער-בלעזלעך אויף דער אָזיערע — צעשפּרונגען און
צעטאַנצט...
באָדט זיך וואַלד, און סאָד און פעלד אין רעגן-שטראָם
און ס'צוואָגן די בעריאָזעס זיך, ווי מיידלעך נאַקעטע מיט ווילד-
צעלאָזטע האָר...
ס'גיסט די כמאַרע — שיטער-גרוי — זיך אויס אין פעלד;
צוקן בליצן — קורץ — איבערן גראָז, ווי פייערדיקע שוואַלבן
אין געפלי...
און אָנגעטרונקען ליגן ערד און פעלד,
און לאָנקעס — קוטשמעס גרינע פון דער ערד — צענעצט
ליגן שמעקעוודיק און פריש...
טריפן טראָפּנס פון די צווייגן, בלעטער מענוכעדיק אַראָפּ אין גראָז,
און אַלץ אין אָנגעטרונקנקייט און אויסגעבאָדנקייט רוט אין פאַ-
רענדיקער ווייט...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

קומט די זון פון כמאַרע-זאַק אַרויס און גלעט און צערטלט
נאַסן פעלד,
און פייגל פונדאָסניי די קיילים שטעלן אָן אין וואַלד,
און טרעלן שיטן פריי זיך פון דער לופט,
און ס'ברומט דער דונער, ווי אַ באַס,
אין כמאַרע ווייט-אַוועקגעוואַנדערטער דורך רעגנבויגן,

ווי אַ קישעף-טויער איבער הימל אָנגעשפּאַנט, — —
— — — — — — — — — — — — — —
אויף אָפּגעדאַרטן בוים אין פעלד
רוקן קעפּלעך בושלישע אַרויס זיך פון דער צווייגן-נעסט
מיט זאַטן געגעק צו דער מילדער, פרישער ווייט...
ס׳בושל-פּאָרל אויפן ראַנד פון נעסט שטייט גליקלעך, פויל...
ביז ס׳בויגט די בושלעכע איר האַלז — אַ ווייסער פרעג-צייכן —
צום הימל אויס

און ס׳נעמט דער בושל מיט שנאָבל קלאַפּן גיך, געשיקט,
גלייך ר׳וואָלט אויף בושל-שפּראַך דערציילט דער וועלט
פון רו
פון זעט...

1931

## די שטומע צונג

ס׳ווייס די שטומע צונג — ווער גוטס גינט מיטן האַרץ
און טיילט די דאַרע שפּייז פון ערדס פאַרמעג און גאָב...
ס׳ווייס נישט שטומע צונג — ווער האַר איז און ווער — קנעכט,
און מרוקעט ליבשאַפט אויס צו דעם, וואָס זעטיקט, גלעט——
צו דעם, וואָס לעשט מיט טרונק דעם זאַלציק-הייסן דורשט,
און בעט דאָס שטרוי ווייך אויס אונטער די טריט אין שטאַל,
און ברענגט אויף נאַכט די שפּייז אין ברעמיע ביי דעם האַרץ;
צו דעם, וואָס טרייבט צום גראָז אין גאָלדיקן באַגין
און ברענגט צוריק — מיט זעט — אין ראָז-בלויען פאַרנאַכט...
ס׳שפּירט די שטומע צונג דעם שאָרך פון הוילע טריט
און מרוקעט, הירזשעט, כריוקעט, קאַרקעט, רעוועט, ברומט —
מיט שטומער דאַנקבאַרקייט צו דעם, וואָס גייט און — קומט...
און וואָס קאָן ליבער זיין, ווי פריינטלעכקייט פון הונט,
וואָס לאַשטשעט זיך אויף קייט מיט כניפּע-לעק פון צונג,



און לייגט די לאַפּעס — ווייך — אויף דאַרער ברוסט פון קנעכט,
און קוקט אין אויגן אים, מיט אויגן — הייסע נעכט,
און דרייט דעם ווידל פריי, האַכנאָעדיק אין לוסט?!...
דער פאַרסקענדיקער גלי אין נאָזלאָך ביי דעם פערד,
ס׳ברוקויענען פון טויב און ס׳נאָכלויפן פון קאַלב, פון אויפּעס,
הינער, געגנדז —
ווען ס׳טריפט די האַנט מאַטוויס מיט קערנער אויף דער ערד,
גלייך גאָלדענע טראָפּנס שווייס, פאַרגליווערטע — פון לייב?!...
און מעכטיק איז די פרייד, ריזיק גרויס — די לוסט
פון זעטיקן דאָס בלוט אין לעבעדיקן לייב!...
אַ לוסט, אַ פרייד אַזאַ — נישט יעדעמען באַשערט,
אַ ליבע אָט-אַזאַ פון אָקס, פון קו, פון פערד —
אַ ליבע צו דעם מענטש און פונם מענטש — צו זיי,
פאַרוואָרצלט אין דער ברוסט, ווי וואָרצלען פונם בוים...

און ס׳שטייט מאַטוויי אַזוי אינמיטן הויף צעשטעלט — פאַרשלאָפן
און דערשטוינט;
ס׳לינקע פולע אויג — מיט נעפּל פון דער רו פאַרפייכט,
און ס׳צווייטע — בעלמעדיק פאַרשטיקט,
גלייך ס׳וואָלט אַ שפּילקע-קאָפּ דערין געשטעקט...
נאָך צוגעקלעפּט מיט זיסער וואַרימקייט פון שלאָף
איז ס׳לייוונטענע הויזן-העמד צום דאַרן, קוואַרן לייב;
די בלאָנדע פלאַקסן-האָר — צעשויבערט אויפן קאָפּ — אַ שטרוי-
נעסט אויפן דאַך...
נאָר ס׳קוואַלט די וואַכזאַמקייט אין אויג ביי אים,
ווי פון דער קרעניצע אין פעלד, אונטערן בוים,
און ס׳האָרכט מאַטוויי — פאַרגאַפט — ס׳טאָטשענען פון שוואַלבן
אינם רוים...

און ס׳שטייט מאַטוויי אַזוי אינמיטן הויף צעשטעלט;
דורך אויפגעוואַכטן אויג שטראָמט פרייד, און לוסט און שיין
אין האַרץ ביי אים אַריין...

און ווי אַ זומער-פויגל אייפן בלאַט, — פלאַטערט אַ מאַכשאָווע
אויף זיין מערך:

— זיינע איז די פרייד פון אַלץ דאָ, אין באַגין!...
ס'שלאָפט דער פּאָריץ שפּעט—און זעט, און הערט און פילט נישט,
וואָס עס זעט, און הערט און פילט דאָ איצט זיין קנעכט
(דען פּריצים זיינען צו דעם בלינד!)
און ס'גיסט מאַכשאָווע אָן זיין ברוסט מיט שוימענדיקער לוסט,
און שטייפט און מוסקולט זיינע הענט, ווי די אַטאַסעס אין געשפּאַן,—
די הענט, וואָס הענגען פונם לייב, ווי דרעש-העלצער, אַראָפּ—
די פּראַצע און די מי פון טאָג צו דרעשן, ווי אַ סנאָפּ...

און ס'שטייט מאַטוויי אַזוי אינמיטן הויף צעשטעלט,
און טיילט מיט פולן האַרץ, מיט אויסגעוויעגטער זאָרג
די אויפּעס און די שאָף, די פערד, כאַזיירים, הינט —
פאַר יעדעמען זיין מאָס, זיין כיילעק און זיין ווערט...
און ס'רוקט די זון זיך אויך אַרויסעט פונם סאָד,
ווו ס'שלאָגן ביימער הויך — פאָנטאַנען — גאָלד און גרין —
און ס'שטעלט די זון זיך הויך איבערן דאַך אַוועק,
גלייך זי וואָלט אויפן הויף אויך נידערן געוואָלט
און פון דער האַנט מאַטוויס באַקומען אויך איר גאָב...
און ס'דוכט מאַטווייען זיך: די שייערס אינם הויף, די שטאַלן,
קעלערס, קלייטן,
דעם פּאָריצס הויז — געצירט, ביים ראַנד פון סאָד געבויט;
זיין כאַטע — קרום-צעלאָמט מיט שטרוי-געדעקט — צעפוילט
און מיטן קוימענדל — אַ באַק-צאָן אויסגעהוילט;
דער האָלץ-ציילעם ביים וועג מיט זילבער-פאַרב געצירט
און מיטן דעכל — ראָז — פאַרדעקט און אָפּגעהיט,
ווו ס'הענגט דער גאָט אַליין פאַרמאַכט אונטערן גלאָז;
דער סטאַוו אינמיטן פעלד — אַ זילבער-טאַץ אין גראָז,
ווו ס'לאָקטשעט, ווי אַ לייב, די זון מיט שטראַלן-צונג;
דאָס שטיבעלע ביים ברעג פון ברעטלעך אויסגעבויט,
ווו ס'באָדט דער פּאָריץ זיך מיט גאַנצן הויזגעזינט...



די וועלדער פון דער ווייט, די פעלדער — רונדאַרום,
די בערגלעך — דאָ-און-דאָרט אין גראָז-פעלערינעס — גרין;
דער וועג, וואָס שניידט זיך קרום צווישן לאָנקעס ווייט — — —
אַלץ נעענטערט זיך צו אים אין הויף דאָ, אינדערמיט,
און רינגלט אים אַרום (אים, דעם קנעכט, דעם כאָם) —
ווי ס'רינגלען כוואַליעס אום די אינדזל אינם יאַם —
און מאָנט, און זוכט און בעט דעם כיילעק שפּייז פון אים,
ווי ס'מאָנט די שטומע צונג, ווי ס'מאָנען: קו און הון.

און ס'קוקט מאַטוויי אַזוי — אינמיטן הויף צעשטעלט —
מיט ליבשאַפט אויף דעם אַלץ, וואָס רינגלט אים אַרום...
און ווידער קוואַלט פון האַרץ ביי אים אַזאַ געפיל:
—זיינע איז די ערד! זיינע — רינד און פערד! —
צו ווייסן ערד און פערד — ווער האַר איז און ווער — קנעכט?!..
ניין, ס'ווייס נישט ערד און פערד און ס'ווייס נישט וואַלד און פעלד
און גיט זיך אָפּ צו דעם, וואָס שוויס און בלוט זיי גיט...
און ליב מיט לייב און זעל האָט אויך דער קנעכט דאָס אַלץ,
וואָס זויגט זיין מי און קראַפט, ווי ס'קינד פון מאַמעס ברוסט...
און ווי ס'בינדט די אַם זיך צו צום פרעמדן קינד,
אַזוי בינדט זיך דער קנעכט צו פרעמדע האָב און גאָב,
וואָס ווערט מיט בלוט זיינעם געכאָוועט און געהיט...
דערוויייל שניידט זיך די זון אַלצמער און בלויער הויך
און ווינקט מיט גאָלד'נעם בלענד צו אַרבעט פונם טאָג —
און וואָרנט פאַר דער צייט, וואָס ווערט אין בלענד פאַרברענט
און אינם אָוונט-טוי צעשווומען, ווי אַ רויך...
און ווו אַ ווינקל נאָר פאַראַנען ס'איז אין הויף — שטראָמט
פרישע מי מאַטוויס.

שטראָמט פרייד, און זאָרג און לוסט...
און פון דער שיין פון טאָג געטריבן ווערט זיין גוף, ווי אַ
מאַשין —

אַהער — צוריק — אַהין...
אַהער — צוריק — אַהין...
1931

# אנטאָני

פאַרטאָג איז אַנטאָני געשטאַנען ביים בעט,
ווו זיין יוליען און אים, אויך קאַזיען — דאָס זונדל —
ט'אַ קרעפּטיקער שלאָף איינגעפלאָכטן אינאיינעם,
פון אַ סימען אויף נאַכט, ביז אַ סימען אויף טאָג.
און מיט פינגער צוויי שווארצע, ווי ציינער פון בראָנע,
אויף האָרלאָזער ברוסט האָט געשטאָכן אַנטאָני—פיר עקן פון ציילעם.
און איבערן בעט מיט פאַרכאַלעשטן קאָפּ, אויף אַ בילדל פון
ברודיקן גרין-ראָזן בלוי
געהאָנגען איז גאָט, וואָס אַנטאָני צו אים האָט גערעדט, ווי
צום שאָכן:
„פּאָטערל גרויסער, דו גרויסער מעכאַניק!...
דו ביסט דער באַשעפער פון אַלץ און פון אַלע...
דו טיילסט אַלץ דעם מענטשן, לויט זיינע פאַרדינסטן;
די כאַיעס, די פויגלען, די פישן און שראָצים,
דו ווייסט, וואָס זיי דאַרפן און גיסט, וואָס זיי דאַרפן...
פּאָטערל גרויסער!
איך דאַרף דאָך פאַר דיר זיך נישט רימען, נישט שמייסן;
דו ווייסט דאָך אַליין, ווו ס'איז עמעס, ווו שעקער...
און עס לוינט דאָך ביי דיר נישט צו מאָנען, צו בעטן,
ווי אין שענק אַ טרונק-בראָנפן, אויף באָרג, ביים יידן שאַי-אַבראַם,
כ'פאַרלאָז זיך אויף דיר...״

— — — — — — — — — — — — — — —



איז אַנטאָני אַרויס פון זיין כאַטע.
דער מיזרעך געגליט האָט אין פלאַמען, ווי ביים שמיד
אין דער האָרניע.
איז אַנטאָני ביים פלויטל געשטאַנען, געפילט אויפן לייב פון
באַגינען די קילקייט,
ווי אַ פריש-לייוונט העמד—שאַבעס-פאַרנאַכט נאָכן בעדל...
און ס'האָבן באַטויעטע די גראָזן און בלעטער פון ביים-שטו-
ביקן גאָרטן,
געלעקט די צעשפּאָלטענע פיס, ווי צינגלעך פון הינטעלעך-זאַטע,
געטרייע,
און געטראַכט האָט אַנטאָני: שוין יאָרן אַסאַך, ווי ער זעט די
געבורט פון באַגינענס, פאַרנאַכטן,
און ער קען נישט באַנעמען די פרייד און היספּיילעס,
די שרעק און האַכנאָע פאַרן גרויסן באַשעפער,
וואָס פול איז זיין ווונדער, זיינע וועגן — פאַרשטעלט,
וואָס ער ווייסט, וואָס ער טוט און וואָס יעדעמען פעלט...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

פאַרן ציימל דאָס פערדל געפירט האָט אַנטאָני.
אין בלאַנקנדן אַקער געשפּרונגען איז קונציק אַ שטראַל-נאָך-
אַ שטראַל
פון אָקאָרשט-אָנגעצונדענער זון, וואָס האָט פונדערווייטנס גע-
פלאַמט צווישן בערגלעך,
ווי אַ ריזיקע ליכט און אַ קיילע מיט זאַמד!...
און ביידע: אַנטאָני, זיין פערד — האָבן הייליק און טעמפּ גע-
טראָטן די ערד,
וואָס האָט אין איר שוואַרצקייט פאַרבאָרגן דעם זין פונם לעבן—
פון ביידנס...

די פעלדער, וואָס האָבן פאַרשלונגען אַנטאָניעס מאַכשאָוועס,
האָבן מיט גראָזיקער גרינקייט באַדעקט זיך, ווי קעפּלעך פון אוי-
פעלעך קליינע מיט בלאָנדקייט פון פוכיקן האָר...
באַפאַלט אים אַנטאָניען, אַ פריידיקער ציטער יאָר-איין און יאָר-אויס:

פאַרן שלאָף, אין פאַרנאַכטן — מיט מאָגן און קאָפּ אַזוי פול,
ווי אין האַרבסטן דער שייער,
זיך גאַנוועט אַנטאָני אַ קוק-טאָן די פעלדער,
ווי אַמאָל צו באַפּוטערטע, דרעמלענדע שיקסעס, אויף גראָזן אויף נאַכט-לעגער,
בישאַס ר'איז נאָך אַ יונגער געווען...
— — — — — — — — — — — — — — — —
אין שווערע פאַרנאַכטן, ווען כמאַרעס, ווי גרויזאַמע כאַיעס, שפּאַצירן אויף ראַנדן פון הימל
און לעקן מיט בליציקע צונגען די שטרויענע קעפּ פון צעשראָקענע כאַטעס;
און ס'ברילן אין צאָרן די דונערס אויף פעלדער, אויף וועלדער,
איינגעשרומפּן-צעקנייטשטע פון איימע און שטורם, —
טוליעט אַנטאָני זיין קאַזיען צום האַרצן
און טרייסט זיין צעשראָקענער יוליען מיט נאָנטקייט פון פויערשן גוף.
אַז ס'קראַכט-אויף אַ דונער און ס'דאַכט זיך,:
עס פאַלט איין דער הימל, ווי אַ דאַך אין אַ סרייפע, —
פאַרהויבן אַנטאָני און יוליע די אויגן פול שרעק און געבעט צום פאַרכאַלעשטן גאָט:
„פאָטערל גרויסער, שיץ אונז און היט!..."
— — — — — — — — — — — — — — — —
איינער און נאָך איינער, לייוונטענע- ווייסע, מיט באָרוועסע פיס און אַנטפלעקט-בלאָנדע קעפּ,
מעיושעוודיק-שטאָלץ פון פאַרמיטענעם אומגליק, —
פויערן שפּרייזן באַקוקן די פעלדער,
וואָס האָבן אין שלאַקסן געוויקסט זייער גרין-גאָלדנע-קעפּ...
און אַז אַלץ איז קעשורע:
ס'וואַרימט די זון און זי שמייכלט פון אויבן אויף אומזיסטן זיך-שרעקן-
גייט מען — אינאיינעם — צוריק צו די ווייבער, צו קינדער,
שטומע און טעמפּע און גליקלעכע-פרומע:
„נאָך אַ וואָך וועט מען שוין קאָסענען,



נאָך אַ וואָך, נאָך אַ וואָך וועט מען שוין שניידן..."
און אַרבעט-אויף-אַרבעט דערשרעקט און מאַכט קוועלן דאָס האַרץ...
אַנטאָני ביים טירל פון פלויטל בלייבט שטיין, און רופט צו אַ שאָכן:
— „נאָך גוט, וואָס די פאַסטוכער האָבן באַצייטנס
געבראַכט אין די שטאַלן די שאָף און די שעפּסן...
ענטפערט דער שאָכן: — „נאָך גוט..."
און גייט צו אַנטאָניען, מ'עט כאַפּן אַ שמועס.
און איינער און נאָך איינער, רינגלט אַרום דאָס פלויטל אַנטאָניעס;
מען וואַרט, עס זאָל עמעץ פאַרוואַרפן די נעצן פון רייד אין יאַמען פון פויערשן שווייגן.
הייבט-אָן אַנטאָני:
„ברידער, כ'געדענק, ס'איז געווען בעאייסן קריג פונם דייטש מיטן רוס.
בין איך אין וואַסוק און קאָנסטאַנטי אַוועק אויף מילכאָמע,
געדענק איך:
די טאַטעס האָבן זיך געהאַלטן, ווי ס'פּאַסט פאַר די מאַנסביל;
די מאַמעס, די שוועסטער — געווישט מיט פאַטשיילעס אַ זודיקע טרער...
נאָר יענע, די קאַלעס: מיין יוליע, וואַרוסיע און מיכאַלס מאַרצעלע
באַגלייט האָבן אונז ביז סאַמע אין שטאָט... זיך געזעגנט, געוויינט...
זאַטע געוואָרן פון קושן, געוויין, ווי פון ברויט מיט מילך...
צעשיידט זיך, און גאַנצע קאָמפּאַניעס אַוועק אויף די פראָנטן...
געדענק איך:
וואָס ווייטער פון דאָרף, אַלץ-מער ציט אַ בענקשאַפט אין האַרץ,
ווי אַ וואָלף אין די שטאַלן, ווינטער ביינאַכט אינם פראָסט...
און מערער פון אַלץ: נאָך פעלדער, נאָך ערד, נאָך מיידל און פערד...
קומט מען אַזוי אין אַ שטאָט אינדערנאַכט...
אַ שטאָט... גאַסן, גלייכע אַזוינע און לאַנגע — נישט געוווינט גאָר צו גיין!...
און מענטשן — ווי זשוקעס! פערד און מאַשינעס — ווי שיידים!
אין פענסטער — אַזויפיל אַשירעס!
און פענסטער — צעבליטע פון וויטן, ווי וועלפישע אויגן אין טונקעלע נעכט...

מיטאַמאָל: אַז עס נעמען עס דונערן זעצן...
אַ שניט און אַ כיק איבער גאַסן און מויערן־העלדזער די בליצן, ווי מעסערס צעגליטע...

און — פליוך!...
ברידער, געמיינט — עס ווערט אָפּגעשווענקט אַלץ פון דער ערד!...
געמיינט: אָדער גאָט איז אין קאַעס־געוואָרן;
אַנדערע: אַן אַנדערער גאָט דאָ, אין שטאָט!...
אַנדערע מענטשן, אַ לעבן אַן אַנדערש...
געדענק איך: נאָכדעם שוין אַ צייט האָבן כעוורע געציטערט
פאַרן גאָט, וואָס אין שטאָט, פאַרן גאָט אויף די פּראָנטן...
און האָט מען געבענקט נאָך די פעלדער, נאָך ערד, נאָכן מיידל און פערד, —
געבענקט האָט מען אויך נאָכן דאָרפישן גאָט...״

— — — — — — — — — — — — — —

פאַרענדיקט אַנטאָני. און אַלע דערפילן, דערטראַכטן, ס'איז עמעס:
באַווייזן זיך איינציקווייז דאָרפישע זין:
— „טאַטע, דעם אָגער אויך נעמען אויף נאַכט אין די זומפּן?...״
— „נעמען?! וואָס דען, ס'וועט דיר שאַדטן?!...״
באַווייזן זיך אויכעט די דאָרפישע טעכטער,
מיט קאָסניקעס געלע און גרינע און רויטע פאַרפלאָכטן אין פלאַקסענע צעפּ...
איינגעטוליעט אין טאַטישע פעלצן, זיצט מען אויף רוקנס פון פערדלעך,
ווי אויף בענק ביי די שטוביקע טישן, מיט בושע פאַר טאַטעס, פאַר זין,
וואָס יאָגן מיט קוילעס פונאַנדער די פערדלעך באַרימעריש־דרייסט...
און טעכטער צעשאָקלען זיך אויך אויף די ביינקע פערדישע רוקנס
און איילן נאָך שקאָצים אין גלי פון דערוואַרטונג, און נאַכטי־שער רייץ...
קוקן די טאַטעס נאָך זין און נאָך טעכטער
און ס'ריזלט אין האַרצן אַ פרייד, ווי טייכלעך פון בערג...



און איינער הייבט־אָן פונדאָסניי: — „דו ווייסט דאָך, אַנטאָני!...
געווען אויף דער וועלט, געזען זיך מיט מענטשן...
דערציי־ל־זשע, וואָס זאָגט מען צו דעם:
פאַרוואָס האָבן מענטשן געקוילעט, געשאָסן, געברענט און געהאַרגעט?
וואָס האָבן געוואָלט די קייסאָרים: ראָסיע, גערמאַניע און... ווי הייסן זיי נאָך?!..
צי האָבן זיי אויך זיך געשלאָגן פאַר ערד, ווי פאַראַיאָרן ביי אונז אין ליפּינסק און באַראַן?...
טראַכט ער, אַנטאָני, און ענטפערט נישט זיכער: — „ברידער, איך ווייס נישט!
געווען אויף דער וועלט און געזען: ס'איז ערד דאָ גענוג,
ס'וועט קלעקן און קלעקן, צום טייוול!...
אָט־וואָס: צעלאָזן געוואָרן די מענטשן, מער גאָרנישט!..
געוואָלט זיך אויספיינען, ווער ס'קאָן בעסער שיסן און טויטן;
פאַרוואָלט זיך דורכשלאָגן, ווי אונזערע כלאָפּצעס בעאייס אַ זאַבאַווע...
ווערט שוין דער אַלטער ליסיצקי צעצונדן און שרייט:
— „און גאָט האָט געשוויגן?! איך בין שוין נישט קלוג צו פאַר־שטיין אויף זיין שווייגן!״...
ענטפערט אַנטאָני: — „ברידער, אַנדערע מענטשן, נישט אונ־זער גאָט״...

און איינער כאַפּט אונטער:
— „ברידער, די מענטשן די זעלבע, נאָר...״
קוקט מען זיך אום: סטאַשעק.
דער אָרימער סטאַשעק, וואָס האָט שוין דערציילט אין אַ זונטאָג,
בעאייס ר'איז בעגילופן געקומען פון שטאָט:
— „געווען אין ראַסיע אַ רעוואָלוציאָנער,
די פּריצים געשאָכטן מיט ביקס און מיט שווערד״...
און ס'גליען זיכרוינעס ביי סטאַשקען אין מאַרך:
רע—וואָ—לו—ציע...
דערשרעקן זיך פויערן: — „אַ גוטן!״...

און ס'פרעסן די גופים, די שווערע, אין דאָרפישן זאַמד אינב
נאַסן דערשראָקענע טריט...

— — — — — — — — — — — — — — — —

ס'ליגט מאַזל-בראָכע אויף פעלדער אַזוי פויל, אַזוי מיד,
ווי מאַמעס אין לעצטע מאָנאַטן פון בלוטיקן שוואַנגער;
קאָסעס און סערפעס צעקלונגענע — הילכן אויף שטיין און
קאָוואַדלע,
קאָסעס און סערפעס, וואָס וועלן, ווי הייבאַמס, צונעמען די ער-
דישע פרוכט.

אַנטאָני, מיט אויגן צעגליטע פון היץ און דערוואַרטונג,
קלאַפט מיטן האַמער אויף קאָסע, וואָס דינט אים שוין יאָרן...
רייסט זיך די קאָסע מיט דין-שטאָלן בייזער:
„גענוג שוין, גענוג שוין, גענוג"...
וואָרטשעט אַנטאָני: — „גענוג, עס וועט קלעקן"...
מיט באָרוויסע פיס און מיט בלאָנדן, צעשויבערטן קאָפּ —
שפּאַנט ער אורמענטיש אין כאַטע...
זיין יוליע פאַרטאָן ביי דעם אויוון (זי באַקט שוין אַ לעצטן געבעקל)
רעדט צו קאַזיונען, וואָס וואַלגערט זיך אויף דער פּאָדלאָגע,
ווי אַ שטיינדל אויף אָזיערע-ברעגעס:
— „קאַזיונע, ווערסט עסן אַ שטיקעלע פּאַפּע?"...
„עסן אַ פּאַפּע" — פּלאַפּלט קאַזיונע.
און ס'ווייזט זיך אַנטאָני אין טיר, צעשרייט זיך קאַזיונע: —
„טאַטע, אַ פּאַפּע"...

און יוליע צעפּלאַמט, מיט אַרבל פאַרקאַשערט,
רעדט צו דעם פלאַם אינם אויוון, אָנשטאָט צו אַנטאָניען:
„נעם אים און טראָג אים אַרויס אויף דער זון, מ'זאָגט—ס'איז
אַ סגולע"...

שטום איז די טאַטישע ליבע ביים פויער,
שטום-אומגעלומפּערט, ווי דאָס צערטלען פון קו צו איר קאַלב.
אַ נאַקעטן טראָגט זיין קאַזיונען אַנטאָני אַרום אויף די פעלדער.
אַ שוואַכינקער איז ער, קאַזיונע, ער ווייסט עס אַנטאָני:
געפוילט האָט די אייגענע קראַפט אין די זומפּן פון זינד...



און ס'בריט אַ ראַכמאָנעס צו קאַזיען, ווי זון אויף די זאַמדיקע פליכעס.

— — — — — — — — — — — — — — — —

אין דאָרף זיינען שטאָטישע מענטשן געקומען זיך קרעפּטיקן,
רוען אין דאָרפישער שאַלווע
אויף גרין-זוניק-זאַמדיקע שויסן פון דאָרפישער אָרם-פאַרבאָרגע-
נער פּראַכט...

אין דאָרף זיינען מענטשן געקו[…]ן אויפנאַשן, פאַרדייען,
אין שטאָטישן בלוט די דאָרפישע פּראָסטקייט פון זומער — גע-
בענטשטן...

ווי אַ פיר-פינף כאַדראָשימדיק כאַזערל, טראָגט זיין קאַזיונען
אַנטאָני אין כאַטע.
פונווייטן דאָס דאָרף, ווי אַהאַרבע מאָזאָליע אויף ערדישער דלאָניע.
און ס'קומען אַנטקעגן: סטאַשעק און מיכאַל, יוזעף און קאַראָל:
— „גוטמאָרגן, אַנטאָני! ווו טראָגסטו אַרום דיין פאַרסוקל?"
און קאַראָל, דער זאָקן מיט ברעמען צעוואַקסן, ווי אויף שטיי-
נער דער מאָך,
האַלט אין די פינגער זיין פּייקע און קנייפּט מיט האַסמאָדע
קאַזיונעס געזעסל:
— „האָ-האָ, ווערסט באַלד האָבן אַ פּאַסטוך, אַנטאָני!"...
און סטאַשעק כאַפּט-אונטער:
—געזען, ווי עס לאָזן זיך ווילגיין די שטאָטישע פּריצים?
פאַרפּאַסקודזיעט דעם וואַלד מיט שיראַיעם פון טייערע עסנס;
אַ נאַש-בראַט זעט עס נישט אַפילו אין כאָלעם!"...
און יוזעף איז מויסיף: — „גאָרנישט צו פאַרשטיין, פונוואַנען,
פאַרוואָס,

דאַווקע נאָר זיי און נישט אַלעמען גלייך?...
זיי האָרעוועון דען, ווי מיר אַזוי שווער, די פאַרשאָלטענע „ראָלע"...
ענטפערט אַנטאָני:—ברידער, אַזוי האָט דער „פּאָטער" באַשאַפן"...
און סטאַשעק שיסט-אויס: — „שטוסים, אַנטאָני!... די מענטשן
די זעלבע, דער סייכל — פאַרשידן"...
און ער ווייזט מיט אַ פינגער ביי אים אויפן שטערן
און הויקערט דעם קאָפּ, וואָס באַדייט: „איצט פאַרשטייט איר?"...

און קאַראַל דער זאָקן:
— „נאַרישקייט, נאַרישקייט!... סט'נישט איבערמאַכן, גערעכט
איז אַנטאָני"...
און פּלוצים: קאָזיונע צעשפּרייט דאַרע הענטלעך
און רייסט זיך צום הימל מיט קינדערשן ברום,
ווי יענע מאַלאָכימלעך, שוועבנדיק-נאַקעטע איבער דעם וואָגן,
אויף הייליקע בילדער, האַרט אונטער די סטעליעס...
פֿאַררייסן זיך פֿויערשע קעפּ צו דעם הימל:
ס'שוועבט אין די הויכן אין גליעוודיק-בלויע,
ווי אַ ריזיקער אָדלער, אַן אַעראָפּלאַן — געבריל און גערויש...

II

געוואַרט האָט די ערד אויף אַנטאָניען.
פֿעלדער און לאָנקעס — אַפֿילו די אָזיערע וואַרט אויף די נעצן
אַנטאָניעס...
אויף יוליען געוואַרט האָבן קי, האָבן שעפּסן, כאַזיירים,
און קאַזיע — דאָס זונדל — ווי איינער פֿון זיי...
דערמאָנט זיך אַנטאָני: געוועזן אין שטעט, אויף די פֿראָנטן,
מילכאָמעס;
פֿון פֿייער און בלוט צערייצט און פֿאַרדאָרבן...
געמיינט — ס'וועט שוין קיינמאָל אין האַרצן נישט קומען
דער ציטער פֿאַר ערד און פֿאַר ברויט...
געמיינט און זיך טויט-געוועזן:
אַז ס'האָבן די טריט זיך צעקושט מיטן דאָרפֿישן שטויב;
און יוליע איז יוליע געבליבן...
און ערד האָט געצוינן צו זיך, ווי אַ גרויזאַמע קראַפּט,
איז בלוט און פֿאַרדאַרבונג, ווי אַ רויכל פֿון פּייקע, פֿאַרשוווּנדן
פֿון אַנטאָניעס געמיט און געדעכעניש...
פֿאַרגעסן אָן אַלץ און דערפֿילט זיך פֿאַרנאָפּלט מיט ערד און
מיט ווייב און מיט קינד,
מיט פֿערד און מיט שאָף, מיט וואַסער און כאַטע,
ווי אַ וואַלד אין אַ מאַמישער טראַכט...



די פֿויערשע אַרבעט — ווער קאָן דען איר קראַפֿט, ווער פֿילט
דען איר רייץ?
אָט האָסטו געשניטן, געדראָשן, געווייעט,
אין מילן געפֿירט, אין אויוון געזעצט און אויף מערק זיך פֿאַרהוליעט,
און עס ציט שוין אויפֿסניי צו דער בראָנע, צום אַקער,
ווי ס'ציט נאָך אַ „קויסע", אַ טענצל אין פֿריילעכן זונטאָג...!
און עס לאָקט אויפֿן הויפֿל דער שייער, די שטאַל, ווי די טייווע
צום ווייב...
די פֿויערשע אַרבעט זי לאָקט ביז דער לעצטער געסיסע...
און פֿירט מען אויף ברודיקן וואָגן אַ טרומנע אַ האָלצערדיק-
שמעקעוודיק-ווייסע
צום שטעטלשן צמענטאַזש
גייען באַטיכלטע שיקסעס און שכיינעס,
די שכיינים מיט קעפּ, איינגעבויגן-אַנטבלויזטע,
און זינגען אַ נאָגנדן ניגן פֿון פֿויערשן טויט, ווי דער טויט
פֿון אַ בוים...
אַ גאַלעכל ברומט אין פֿאָרויס אויף דער אומקלאָרער, געטלע-
כער שפּראַך,
און קלויסטערשע גלעקער צעקלינגען אין אויער פֿון פֿויער
דעם זין פֿונם לעבן און שטאַרבן, פֿון אַרבעט און ערד...
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
אין שמעקעוודיק-גרינער צעשפּרייטקייט פֿון גראָז, אָפּגעשניטן
געזעסן איז קאַזיע,
ברומענדיק-קינדיש, געזשמורעט די אויגן פֿון ליכט—איבערלאָפּן;
האָט גלעטנדיק ווינטל געשויבערט דאָס פֿלאַקסענע קעפּל
און מיט נאַקעטע הענטלעך האָט קאַזיע געגראַבלט אין גראָז;
ווי אַ פֿריילעכער שפּרינגער, געפּלאַפּלט צו מאַמען:
„מאַמע, אָט-דאָ איז אַ בלימל"...
איז יוליע געוועזן פֿאַרטון, נישט געהערט;
מיט שטעקן פֿון גראַבליע די גראָזן געקערט.
אַנטאָני אין קוזלנע הויזן און העמד,
ווי אַ שטיק אָפּגעפּליקט פֿונם זוניקן טאָג, גערעדט האָט ביים טויער:

— „יוליע, דאָס היי וועט אַביסל זיך טון נאָך אַ טרוקן, האָפּן
אינם שייער !...
איך וועל דערווייל איבערשטעלן די גאַרבן ביים וואַסער"...
האָט יוליע צעעפנט ביים שייער דעם טויער, גערופן צו קאַזיען :
— „קאַזיונע, אַנטלויף !"
האָט קאַזיע פאַרשטאַנען און זיך צו דער מאַמען געלאָזט, ווי
אַ יונגעטשקע קאַטשקע...
אין שעפּע פון אַרבעט אַנטאָני אַן ערנסטער-שטרענגער,
אַרויף אינדערהויך, און יוליען באַפוילן דערלאַנגען מיט גאָפּל
דעם היי,
האָט יוליע געשלעפּט אַ ברעמיע מיט גראָזיקער גרינקייט —
ביז ס'האָט שוין דער שייער — ווי אַ ריזיקע כאַיע —
פאַרשלונגען די גרינע צעשפּרייטקייט פון גראָז אָפּגעשניטענעם...
— — — — — — — — — — — — — — —
פאַרוועבט אין פאַרגייענדער מידקייט, שטעלט יוליע „פּאַטעל-
ניעס" אויף רוקן פון טיש,
פון גרויפּן, קאַרטאָפל און אייל אַ געמיש...
און ס'הויבט זיינע אויגן אַנטאָני צום גאָט, האַרט אונטער דער
סטעליע ;
מיט פינגער אַ ציילעם אַ שטאָך און אַ שטאָך,
יוליע און קאַזיע זיי טוען אים נאָך...
הילצערנע לעפל צו מיילער זיך רוקן, ווי מידע באַראַנעס צו
קאָרעטעס פולע...
אַ געקיי, אַ געשלונג,
ציינער-מויל-צונג
איינגעשפּאַנט אין אַכילע...

III

גצוואַרט האָט מיט פוסטקייט די ערד אויף די ווינטן פון האַרבסט,
אויף דער שנייאיקער רישעס פון ווינטער.
קאַרטאָפל און ברויט האָט מיט ראַכוועס און שעפּע געדרעמלט
אין שייערס...



אַנטאָני געהייצט האָט אַ בעדל, וואָס איז, ווי אַ היטל אַן אַלטע —
געלעגן ביים וואַסער ;
אַ בעדל מיט גליענדע שטיינער, מיט רויך און מיט זודיקן וואַסער,
צו וואַשן דעם שוויס פון שווערער, פאַרטאַיעטער מי...
פון וועלדל געבראַכט האָט אַנטאָני בעריאָזעווע צווייגלעך,
אויפן טיש זיי צעשאָטן, אַ בעזים צו שוויצן געבונדן מיט פלייס
און האַנאָע...
אויפן טיש איז אויך קאַזיע געזעסן, געשפּילט זיך מיט שאָרס-
טיקע בלעטער ;
און ס'האָט אַ באַזאַכטער אַנטאָני גערעדט, ווי צו זיך, ווי צו קאַזיען:
— „פאַרשטייסטו, אַ מענטש דאַרף דעם גוף זיינעם רייניקן, וואַשן,
אַז-נישט, קלייבט אויפן לייב זיך אַ שמוץ, ווי דער זשאַווער
אויף קאָסעס...
אַ מענטש דאַרף זיך רייניקן, וואַשן"...
האָט קאַזיע געפּלאַפּלט : „רייניקן... וואַשן"...
ביינאַכט האָט די כאַטע געשמעקט מיט גופישער ריינקייט,
מיט געפּאַרעט-בעריאָזעווע בלעטער.
אַ ווינט האָט אויף נאַכטיקן הימל צעוויקלט אַ האַרבסטיקן עלנט
און הינטער די שייבלעך געוויינט האָבן בלעטער-יעסוימים,
וואָס זיינען פאַרמישפּעט אויף אויסגיין אין עלנט פון גאָרטישן
אומעט...
אַ מידיקער שלאָף באַשמידט האָט די וויעס מיט בלייערנע ראַנדן ;
פאַרפלאָכטן אינאיינעם — האָבן אַלע געכאָלעמט פון ווינטער,
פון ווייסקייט, פון זעט —
(אַזוי האָבן אויכעט געכאָלעמט די שאָף אינם שטאַל...)
קאַזיע אינמיטן. יוליעס צעשויבערטער קאָפּ — פאַרגורעט אין
ברודיקן קישן.
אויף ברוסטן צעכראַסטעטע פויזענן צלאָמימלעך זילבערדיק-
געלע, ווי שראָצים...
הינטער די וויעס אַנטאָניעס זיך וויקלט אַ כאָלעם פון יאָרן, פון יונגע-
אָוונט. סאָף-זומער. קרענקלעכע פעלדער ביז ערד אָפּגעשניטן,
ווי קעפּ פון די קראַנקע — אויף טיפוס — סאָלדאַטן...

פון רויטער לעוואָנעשער פולקייט זיך וויקלט דער שלייער
פון שטייפער, געשליפענער נאַכט...
אָזיערעס וואַסער-פעל קנייטשט, ווי פאַר קעלט זיך,
און ס'שימערט לעוואָנעשע שיין אויף איר רוקן,
ווי זילבערן-רויטלעכע שופּן פון אַ ריזיקן פיש...
ס'שלאָפן די כאַטעס. אַנטאָני אויף שיפל פון קלאָץ אויסגעהוילטן
שלייכט אינדערנאַכט אויפן וואַסער—אַ גייסט אַ געהיימער;
שוין אַ וואָך, ווי עס ליגן די בוצן פאַרוואָרפן אין וואַסער...
איצט — איינציקווייז שלעפט זיי בענימעס אַנטאָני פון וואַסער,
און פישעלעך — שרעקעוודיק-צאַפּלדיק — ווערן געשליידערט אין
עק פונם שיפל...

און בוצן צענעצטע און שווערע: איינער, אַ צווייטער, אַ דריטער...
ביז ס'וואַקסט אויס אַ טורעם פון נעץ און פון נאַסקייט אַהינטער
די פּלייצעס אַנטאָניעס,
ביז ס'וואַקסט-אויס אַ צאַפּלדיק בערגל פון שימער, פון שליי-
מיקן, פישיקן גלאַנץ...
אויף יענער זייט אָזיערע שוואַרצט זיך אַ כאַטע — אַ פאַר-
גליווערטע כאַיע...
עס וווינט דאָרט זיין יוליע מיט טאַטן, מיט ברודער ווינצענטן,
וואָס געווען איז אַנטאָני מיט אים אויף די פראָנטן...
יוליע מיט צעפּ, ווי קרעטן צוויי שוואַרצע, צעפּויזעט אויף רוקן...
און ס'צאַפּלט דאָס האַרץ אין אַנטאָניען, ווי דער פיש-הויפן דאָרט
אינם שיפל...
אַ ריזיקע האַנט אַ געהיימע פאַררודערט האָט שיפל אַנטאָניעס
צום ברעג...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס'האָט יוליע געפילט: ס'דאַרף אַנטאָני היינט פאַנגען אין שטייף-
שטומער נאַכט...
טאַטע און ברודער—אין פויערשן שלאָף איינגעוויקלט...
און זי, ווי אַ בענקענדיק-גלוסטנדיק קעצל, ביים ברעג...
ביז דאָרפישער ליבע פאַרשמעלצט אינם צאַפּל-געוווּרע צוויי גו-
פים—איין סאָסנענער שטאַם...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —



אַ ברי פון פאָרטאַיעטער טייווע פאַרצוקט האָט דעם שלאָף אין
אַנטאָניעס געביין...
יוליע צעוואָרפן אין ענגשאַפט פון בעט, ווי אַ גאַרב אַ צעשאָטענער,
קאַזיע אינמיטן, און ס'נעמט אים אַנטאָני — פאָוואָלי-פאָוואָלי —
ווי אַן-אָקאָרשט געבוירן לאָשאַקל. און לייגט אים צופוסנס פון בעט...
אַ שווערקייט אַ דריקנדע-זיסע האָט יוליע דערפילט, געעפנט אַן
אויג — ווי אַ לאָרן —
ווידער פאַרמאַכט אַזוי אָפּהענטיק מיד, ווי אין כולשע,
און ערגעץ פאַרשוווּנדן אין טהאָם פון ווילד-רויער מעסיקעס...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## VI

פאַרבאָרגן געקוואָלן פון שייערס געפאַקטקייט האָבן פויערן-שכיינים;
קאַרטאָפל און טווועס געשאָטן, געבונדן,
געפּראַוועט געשפאַנען און רעדער, געגרייט זיך באַגינען צו פאָרן
אויף מיטוואָך צום מאַרק —
צום ערשטן, צום גרויסן, צום האַרבסטיקן מאַרק...
אַ קניפּ פונם קאָרן, אַ קניפּ פונם באַרג מיט קאַרטאָפל,
פאַרבונדן אין זעק און אין קלומקעס, פאַרפאַקט אינם וואָגן —
ס'גרייט זיך אַנטאָני צום מאַרק;
יוליע צו קאַזיען:
— „קאַזיונע, ס'וועט ברענגען דער טאַטע צוקערקעס, אַ בולקע...“
— „צוקערקעס... אַ בולקע“ — פּלאַפּלט צופרידן קאַזיונע צום טאַטן,
וואָס טראָגט זיך אין כאַטע מיט גאַנצן געשפּאַן.
און ביינע-לעביינע דערציילט ער זיין יוליען, וואָס גרייט איז צו
פאָרן אין מאַרק:
— „קאַרטאָפל צוויי לויף, קאָרן פיר פוד,
אַן אַסמינע בוראַקעס און נאָך-עפּעס, נאָך...“
דערמאָנט זי זיך, יוליע: — „צוקער און זייף, אַ קעסל אַ טיכל
און נאָך עפּעס, נאָך — פאַרגעס נישט צו ברענגען...“
און ס'פאַלט-צו אַ נאַכט פון דאָרפישן אומעט און רו;
זיצט קאַזיע ביים טאַטן אויף שפּיציקע קני

און קוקט — ווי צעשראָקן — אין כעשכע פון כאַטע..
פאַרן שלאָף. עס קלעפּן זיך אויגן, ווי פינגער אין סמאָלע,
רעדט צו זיין יוליען אַנטאָני אין דרעמל צעצויגן:
— „געלט דאַרף מען צודריקן פעסט, אָט־אַזוי, אין קולאַק,
אַז ס׳זאָל רינען אַ סאָק...״

— — — — — — — — — — — — — — — —

## V

פורן און פורן, צעשטעלטע אין רעדערנע רייען,
פערד אויסגעשפּאַנטע, מיט קעפּ צו די וואָגנס,
פאַרטון אינם פערדיש־קעסיידערדיק קייען...
האָלאָביעס פון וועגענער — פולע מיט דאָרפישער, ערדישער גאָב —
שטעקן אין לופטן, ווי דאַרע, פאַרטרוקנטע הענט פון אַ מאַכנע
אַסקעטן,

פאַרוויגט אין געבעט...
און סטאַשעק און מיכאַל, יוזעף און קאַראָל—אין איין ריי מיט
אַנטאָניען.

זאָגט מיכאַל: — „אַ מעקעך אַ שלעכטער אויף קאָרן...״
און יוזעף און קאַראָל: — „אין קראָם אַזאַ יאַקרעס, זיי שינדן
די הויט!...

און סטאַשעק אין צאָרן:
— „ברידער! איך זאָג אייך: נישט גיט פאַרן מעקעך דעם קאָרן...
אַז נישט אונזער פּראַצע, ווי דרעק, כ׳בעט מעכילע!...
מ׳מען אַהיים בעסער פירן און נאָך ליידן אַביסל...
נישקאָשע, זיי וועלן דערפילן דעם הונגער!...
פאַרענדיקט אַנטאָני; — „ברידער, אָט דאַרפסטו אַ טיכל, אַ קעסל...״

— — — — — — — — — — — — — — — —

פאַרנאַכט איז דער ראַעש פוןווימלענדן פויער צעקראָכן
אויף דאָרפישע וועגן און שטעגן...
און סטאַשעק פאַרטרויט זיינע שכיינים:
— „אַזוי־צי־אַזוי — אַ טרונק־טאָן כאָטש לאָז מען!...
דען, וואָס איז די פרייד, וואָס מיר האָבן אין דאָרף?!...



אַ קויסע—וועט זינגען דאָס בלוט שוין אַ גאַנצינקע וואָך!...
פאַרכאַפּט אַ באַגער, נאָר — ס׳טוט שטומען די צונג אינם דאַלעס...
אין קאַראָל דעם זאָקן אַ זלידנער באַגער האָט געטאָטשעט...
דאָך ברוווט ער אָפּריידן: — „ברידער, מען זינדיקט...״
— „שטוסים!...״ — סיקעט שוין סטאַשעק...
און אַנטאָני ברומט־אונטער:
— „וואָס עמעס־איז־עמעס, עס ווילט זיך אַ טרונק־טאָן, אין
בלוט שרייט: „עס ווילט זיך...״
די פויערשע פרייד ווערט פון בראָנפן צעצונדן, ווי אַ קנויט
פון אַ פלאַם;
היצט עס אין בלוט, גליט עס אין מאַרך;
און דאָס לעבן דאָס פויעריש־שווערע באַקומט אין דער שיקרעס
אַ שיקכע...
ברומענדיק־כאָרכלענדיק רייסט זיך פון האַרצן אַ רוי געזאַנג,
אַ פויעריש געפיל, וואָס צעשיט זיך — ווי שטיינער — אויף
וואַלדיקן שטעג.
און די פויערישע צונג, ווי דער אַקער אין ערד,
שניידט דאַן אין ווערטער, מאַכשאָוועס, פאַרגרעבטע און רויע,
ווי ערד...
אַנטאָני אין וואָגן, אַ בוים אינם שטורעם — :
— „ברידער! אַ נאַש־בראַט איז אָרעם און הויל, ווי אַ הינטן!...
און רוקסטו זיך צו צו דער באַבע איז — טשוק און אַ קינד!...
ברידער! די שטאָטישע שלאָפן מיט באַבעס — ווי הינט — און
גאָרנישט!...
אַנדערע מענטשן און אַנדערע באַבעס!...״
הילכט־אָפּ אַן עכאָ אין וואַלדיקער כעשכע:
„אַנדערע מענטשן... אַנדערע באַבעס...״

— — — — — — — — — — — — — — — — —

פאַרטאָג איז אַנטאָני געשטאַנען ביים בעט,
ווו זיין יוליען און אים, אויך קאַזיען — דאָס זונדל —
ט׳אַ קרעפּטיקער שלאָף איינגעפלאָכטן אינאיינעם,
פון אַ סימען אויף נאַכט ביז אַ סימען אויף טאָג.

און מיט פינגער צוויי שוואַרצע, ווי ציינער פון בראָנע,
אויף האָרלאָזער-ברוסט האָט געשטאָכן אַנטאָניע, — פיר עקן פון
צײַלעם...
און איבערן בעט מיט פאַרכאַלעשטן קאָפּ, אויף אַ בילדל פון ברוי-
דיקן גרין-ראָזן בלוי
געהאָנגען אין גאָט...

1928



# זאַבאַוועס

ווי מילך דיס און שוימיק אין אייטער פון קו,
אָנגעפּוישט איז די אַרבעט פון קוואַליקן קויעך;
זעקס טעג נאָכאַנאַנד איז אין גענעם פון מי די פויערשע רו,
ווי צייטיקע קערנער פון זאַנג, פאַלן טעג — ביזן שניט — פונם לויעך.
טאַטע-מאַמעס אין דאָרף האָבן שאַרסטיקע לייבער,
ווי דער קוזל פון העמד, פון הויזן און קלייד;
טעכטער און זין האָבן אויך זייער צויבער:
יוגנט-שיגאָען, בלוט-גליאיקע פרייד...
בלאָטיק-צעשפּאָלטענע פיס לאָהוט צום טופּנדן טאַנץ,
שוואַרץ-פאַרמאָזאָליעטע הענט זיך וויקלען, ווי שלענג, אַרום טאַליעס;
צעצונדן ביי דאָרפישער טאָכטער אין אויגן אַ גיריקער גלאַנץ
און ס'ברויזט ביי איר שייגעץ אין ברוסט דער אָטעם—ווי כוואַליעס...
ס'גליט די דערוואַרטונג אין מויעך, ווי דער גלי פון די צווייגן,
וואָס טרעסטשענען פלאַמיק און נאַכט-לעגעריש, ברענענדן וואַכן...
צום הייליקן זונטאָג, וואָס אַנטלויפט, ווי אַ פייל פונם בויגן:
אַ זאַבאַווע, אַ גרויסע זאַבאַווע ביי גאָרלע דעם שאָכן!..
אין כאַטע ביי גאַרלען זיך נעסטן פאַרשוויגענע טענץ,
פון זונטיק ביז זונטיק עס וואַרט די פּאָדלאָגע אויף כעדווע;
די דאָרפישע יוגנט, פאַרפלאָכטן אין קראַמפנדע קרענץ,
עס דרייען זיך אַלע אין איינפאַכן וואַלס — אָן קריוודע...
אין כוישעך פון פראַצע — אַ ליכטיקער שטראַל די זאַבאַווע,
עס בענקען די שיקסישע ברוסטן נאָך צאַפּל אויף שקאָצישער ברוסט...
פון העפקער-צעשמיסענעם קאָלנער, ביז נעגרישן גלאַנץ פון
כאָליאַווע —
צעצאַפּלטע שיקסישע גלידער אין שמאַכנדער טייווע פאַרכושט...

פאַרהויבן די קעפּ אין געסטשעמעטן אָרעם-אין-אָרעם...
די מיידלשע צעפּלעך—אין פאַרביקן קאָסניק געפּענטעט;
די שוואַרצע האַרמאָשקע זיך קנייטשט, ווי אַ ריזיקער וואָרעם;
ווי קאָרע אויף שטאַמען, די טאַנצנדע גופים — אָפּהענטיק...
פון אָפענע פענצטער זיך רייסן די קלאַנגען, ווי זשומענדע בינען:
פּאָלקעס, לעזניקעס, אַ וואַלס, „אַלעקסאַנדער דער דריטער..."
ביז ס'שפּרייט זיך אַ שווייס אויף די קליידער, ווי טוי אין באַגינען;
צעשווינדלטע, טאַנצנדע ביימער, צעשמיסענע האָר—ווי די ריטער...
צעהוליעטע טופּן די טריט אויף פּאָדלאָגע מיט גוורע;
ס'בייסן די טענער, ווי שטיפרישע הינטלעך, די שיקסישע ליפּן,
פאַרשמאַכטע...

— שטאַרקער! נישט שלאָפט. מוזיקאַנטן, אהער אַ מאַזורע!... —
העכער, דו פידלער! כעוורע נישט שטייט, ווי באַמאַכטע!...
און אַלע צוזאַמען פאַרפּלאָנטערט אין טאַנציקער נעץ,
עס קוקן די דאָרפישע טאַטעס, די מאַמעס, די קינדער אין טיר;
צעשראָקענע שפּרינגען אין פירהויז די בויגיקע קעץ,
און ס'ציטערט אין ווינקל, ביים אויוון, אַן עמער מיט ביר...
— ס'וועט באַלד גאַרלעס כאַטע אוועק מיטן טאַנצנדן רויך —
זיך כידעשט דער זאָקן ליסיצקי אויף יענער זייט הויז;
דערשרעקט זיך דאָס האַרץ און עס גריזעט אין מויעך:
„ס'וועט קיין גוטס פונם טאַנץ נישט אַרויס, נישט, אַרויס..."
דערווייל איז דער טאַנצנדער-טופּנדער קנויל אויסגענאָגט פונם קויעך;
ס'בעט די האַרמאָשקע, די פידל: „ס'זאָל קלעקן, ס'זאָל קלעקן..."
ס'לעשט זיך און טוקט זיך דער טאַנץ, ווי אַ פלעמל אין רויך—
יאַסעק דער שינדער: — „גענוג! און דעם טיש זאָל מען דעקן!..."
בלייבן נאָך גופים פאַרפלאָכטן אין שווייסיקער נאָנטקייט;
ווי ביימער אין ווינטן, זיך וואַקלען צעשויבערטע שקאָצים...
און דאָרפישע טעכטער אין בריענדער, מאַנענדער מידקייט
פאָכן מיט טיכלעך אויף פּענימער רויטע, ווי טאַצן...
ס'צופן, ווי פּיאַווקעס, די אָדערן פון מידע, צעבריקעטע פיס,
ס'ענדיקט זיין פאַליענדן טאַנץ דער צעפלויגענער שטויב;
איגנאַץ פון זעקל טיילט אַלעמען וואַלדישע ניס,



דער שטיל-אויסגעשעפּטער וואַרוסיען אַ הויפן מיט קייף...
דערווייל איז די שכיינישע יוגנט געקומען מיט הילכיקן: — „העי!..."
פאַרנויגטע — פאַטשט מען זיך און העגט וווּליוּנגעריש-שטאָלץ...
ס'פלעכטן אין איילעניש צעפּ זיך, ווי גאָלדענער שטרוי,
און עפּעס אין דומפּיקן אַוועד דערציילט פון אַ שוטפּעסן וואַלס...
און ס'ברענגען — צופרידענע — מאַמעס קעלבאַסע, און ברויט
ס'שטופּט אויך דאָס קליינוואַרג אַ טיש, ווי אַ שולדיקן גאַנעוו...
פאַרקאַטשעט מאַלווינע צום זיצן דאָס סיצענע קלייד,
און ס'בעט יוזעף-טאָקער ביי איר אינם גאַניק:
— „מאַלווינע, גיי זעץ זיך צום גלעזעלע ביר און צום ברויט...
זאָגסטו — איך האָב נישט געטאָרט אַזוי נאָנט מיט וואַרוסיען?
פאַרגיב מיר..." — און ס'ציט אינם קאַעס מאַלווינע די רייד:
— „אַוואַדע, געמיינט — כ'וועל נישט זען און נישט הערן די קושן...
און ס'פלאַמט-אויף אַ צאָרן אין יוזעפס געמיט:
— „מאַלווינע, דער קאַעס פרעסט-אויף אונזער ליבע, ווי ווערים,
דעם קרויט...

און גלויב מיר — איך האָב אינם טאַנץ מיט וואַרוסיען געשפּירט:
אַ נאַסע סערמיאַגע וואָלט קלעפּן ביי מיר אויפן הויט..."
און ס'פילט אינם קאַעס מאַלווינע אַ ווייַנענדיק-נאַכעסדיק קוויקונג,
פאַרריכט זי איר קלייד און גייט באַהאַלאַכסן אין כאַטע;
ס'האָט קאַראָל (פון געסט) זיך צעברומט אין אַנטציקונג:
— אַ מיידל אַ יעדע איז קעגן מאַלווינען—אַ שמאַטע..." —
האָט יוזעף דערהערט. צעשטורמט איז האַרץ, ווי אין ווינט —
דער וואַלד...

מאַלווינע געזעצט האָט זיך האַרט ביי איגנאַצעס זייט;
ווי דער טייך אין געוויטער, פּאַענדערט איז יוזעפס געשטאַלט,
צו סטעפּציען געזעצט זיך... רויק, ווי ס'פּאַסט פאַר אַ לייט...
און מאַמעס, און טאַטעס, אויך קליינוואַרג ביי פענסטער ביי ווענט,
מ'האָט הערינג דערלאַנגט, ברויט און אויך פלאַשן מיט ביר;
ס'האָבן די כלאָפּצעס געפּליאַסקעט אין הענט:
— עסט, און נישט שעמט זיך! דאָס אַלץ טראַקטירן — מיר!
אויבנאָן, בעהאַרכאָווע און שטום זיצט גאַרלע אינמיטן;

עס שוימט אינם האַרץ אַ פֿאַרדראָסיקע פֿרייד, ווי דער ביר אינם גלאָז;
קלוגע געראַנקען זיך גליטשן פֿון מויעך, ווי אויף שניי—אַ שליטן;
ר'וואָלט עפּעס די יונגע געזאָגט, נאָר ער שטומט אין פֿאַרדראָס...
און אַלע, ווי איינער, פֿאַרטון אינם קרעפּטיקן קייען:
ביים טיש, ביי די פֿענסטער, ביי וואַנט, אויפֿן הויף און אין טיר;
ס'דוכט: די כאַטע וועט אויך נעמען שרייען:
„גיט אויך עפּעס מיר, עפּעס מיר!"
יוזעף געפֿילט האָט — עס בריען די ביסנס אין בויך,
דער ביר האָט, ווי סאַם, אויסגעגעסן דאָס האַרץ...
נעקאָמע, נעקאָמע האָט בלוטיק געשריען, געפּייניקט אין מויעך,
און איגנאַץ: — העי, כלאָפּצי! אַ שוטפּעסדיק-נייאינקן וואַלץ!...
די דאָרפֿישע גוורע רייסט ווידער אין פּיס זיך צו פֿרייד;
פֿאַרשווּנדן איז טיש און שיראַיעם פֿון פּראָסטע מאַכאָלים...
ווידער האָבן הויזן געביסן דאָס שעמעוודיק קלייד,
גאַרנדיק-אויסגערוט האָבן געטריבן קלעזמאָרים...
די זון האָט אין פֿלאַמען פֿאַרצערט שוין דריי פֿערטל פֿון טאָג,
און ס'האָט ביין-האַשמאַשעס געררוקט זיין פֿאַרשאָטנטן קאָפּ פֿון
בערגלעך אַרויס...
ס'האָט, סאַפּנדיק, יוזעף געטאָן צו מאַלווינען אַ זאָג:
— מאַלווינע... איך וואַרט דאָרטן... הינטערן הויז... —
און פֿלינק, ווי אַ וואָלף נאָכן הונגער, אַרויס פֿונם קרייז...
ס'האָט אַלץ אין דער כאַטע געזשומעט, געטופּעט, געברומט...
מאַלווינע — דערשראָקן און נייגיר — האָט זיך ביסלעכווייז
פֿון כאַטע געגאַנוועט צום שטעגל, ביים גאָרטן — צעקרומט...
פֿאַרביסן-געצאַקט רעדט יוזעף און קוקט זיך אַרום:
— „מאַלווינע, אין וועלדל, ביים וואַסער, קום גיכער אַוועק"...
געמישט מיט אַקשאָנעס און גלוסטן מאַלווינעס אַ ברום:
—„כ'גיי נישט... בינסט ווילד... אָ, אַ שרעק"...
און יוזעף צעהיצט, ווי אַ שווערע מאַשין אין געדריי,
אַ כאַפּ פֿאַרן האַנט און מאַלווינע טוט נאָכגיביק קניען:
—„לאָז מיך!"...—צעבערעכט זיך אין קוויטשן מאַלווינעס געשריי.
צוויי גופֿים אין גאַרנדן צאָרן — זיך ראַנגלען און בריען...



אַ בלאָ-ראָזע קילקייט דערפֿרישט האָט די שווייסיקע לייבער,
דורך אָפֿענעם פֿענסטער געשטיגן איז אָוונט אין שאַרלעכן קלייד,
איינציקווייז גייען די טאַטעס, זיך שאַרן די ווייבער,
אַהיים, צו די שטאַלן, אויסמעלקן די קי איינגעבויגענערהייט.
דער וואַלד אין פֿאַרנאַכטיקן אומעט אין גרינעם; די פֿעלדער
אין געלן פֿאַרדראָס...
די אָזיערע אויך, ווי פֿאַרזאָגט אויף אַוועקגיין פֿון טאָג;
—כלאָפּצי!.. מיר גייען, עס גייט שוין די סטאַדע פֿונם באַלעבאָס...
— מיר דאַנקען!.. אַ גוטן, פּאַן גאַרלע!.. — און גאַרלע, אין
אומעט, אַ זאָג:
—„אַ גוטן, אַ גוטן... איך דאַנק פֿאַר דער פֿריילעכקייט, קינדער...
פֿאַרגעסט נישט אויף ווייטער אויך קומען צו מיר"...
— מיר'ן קומען... מיר דאַנקען! — צעשרייט זיך דער פֿריילע-
כער סקינדער,
ס'דאַכט, אַז עס בעט אויך די כאַטע מיט אָפֿענער טיר...
צעשיט זיך, אין פּאָרלעך, די יוגנט; דערשרעקט מען אַ הון
מיט אַ האָן...
—„צום אָזיערע, כלאָפּצי!.. אויסבאָדן זיך קומט פֿונם שווייס!"...
פֿאַרהאַלטן זיך שעמעוודיק דאָרפֿישע טעכטער, ווי בלומען פֿון מאָן,
—„דזשעוטשאַטע, איר וואַרט, ביז מיר גייען פֿון וואַסער אַרויס"!..
און כלאָפּצעס צעלאָפֿן, ווי אָגערס, באַפֿרייט פֿון געשפּאַן,
אין אָזיערע שפּרינגט מען מיט קוילעס פֿון קוויקנדן פֿריש...
איינער אין שווימען צעשפּריצט פֿונם מויל אַ פֿאָנטאַן,
איינער צעשרייט זיך צו מיידלעך אַ ווערטל גאָר מיצס...
נאַס, קרעפּטיק-פֿרישע צעמישט מען זיך צווישן די מיידלעך,
וואָס שעמעוודיק-גאַרנדיק בליצן זיי בליקן צו יונגען;
פֿאָרלעכווייז, פֿאָרלעכווייז גייט מען נאָך פֿרוכט אין די סעדלעך,
אויף וואַלדיקע קאַמען — אַ מידער פֿאַרנאַכט אָנגעצונדן...
ביי גאַרלען אין כאַטע זיך לייגט אַ צעפֿלויגענער שטויב...
אַניעלע, די שיפּכע, פֿאַרנומען ביים אָרדענונג מאַכן;
גאַרלע ביים טיש, ווי אַן אַלטע, פֿאַראומערטע טויב,
אין האַרץ יאָגט אַ קעלט, ווי דורך שויב אויסגעבראָכן...

פּלוצים אים דוכט זיך: אַ טאַטע איז ער פאַר די יונגע,
נעבויט האָט פאַר דאָרפישער כעדווע ער, גאַרלע, זיין הויז...
ס׳לויפן אין איילעניש ערגעץ די פויערן שטרענגע,
דערשרעקט זיךדאַניעלע און ס׳צאַפּלט דאָס האַרץ—אַ געפאַנגענע מויז...
דער פויערשער האָס צעזידט אין רעציכע, ווי בוימאייל אויף פייער;
יוזעף אין ווילדקייט צילט קאַרלען אין קאָפּ מיט אַ פלאַש;
ס׳רייסן זיך קוילעס, ווי ווייטיקע דונערס, פון הינטערן שייער,
ס׳קוויטשען די ווייבער און ס׳ברעכן זיך ווערטער אין ראַעש...
— נישט לאָז אים!... כאַפּ-אָן!... אַזוי!... העי, אַוועק!...
קוים גאַרלע דער זאָקן דערלויפט ביזן אָרט פון מעהומע...
צעריסענע העלדזער, צעטראָטן, ווי בלאָטיקע זעק —
יוזעף צעמיימיסט האָט קאַרלען, און ס׳ברעכט מיט די הענט מאַלווינע;
דאָס דאָרף, ווי אַ בערגל מוראַשקעס, צערירטע, צעפלויגן...
עס קלאָגן די מאַמעס, די טאַטעס זיך רייסן מיט רימענס:
— „בענקאַרטעס, אַהיים!... אין דרערד צוליב מוידן!...
ווו איז זי די!?... ווו איז זי און וועמענס?!"...
שרייט יוזעף אין ווילדקייט. — „פאָטער זאָלסט שווייגן, נישט
ריידן!...

מאַלווינען ער טוליעט און בעט זי: „נישט וויין"...
קאַראָל אין גאַנג רעדט פאַר די כאַווײרים:
— „איר ווייסט דאָך... כ׳בין פון מאַלווינען גאָר ריין"...
אין טונקעלע ווייטן פאַרשווונדן. ס׳קוואַקן די זשאַבעס;
עס נידערט די נאַכט, ווי א ריזיקער, טונקעלער פליגל...
נאָגנדיק, ציט אינם רעדל אַנטאָני:—טאָמיד אַזוי נאָך זאַבאַוועס,
דאָס היציקע בלוט קאָן, ברודער, נישט זיין אונטערן ריגל"...
לעוואָנישער סערפּ — אָנגעקלעפּט אויף געשטערנטן הימל,
פאַרוויקלט איז פריילעכער זונטאָג אין שייד פון פאַרגעסן...
טפילעס, אַכילעס און בעטן פאַרנאַרט האָט דאָס רוישיק געווימל,
ביז צווייטער אַשמורע, ביז ס׳ווערן זיך שטערן אויסלעשן...

1928